## הונדערט יאר שלום עליכם

# קיצור שלום עליכם

פאַר

## סעמינאר און מיטלשולן



ווער וועט איבערנעמען דיין ברילאַנטענע פען?

פאר די "ייווא" אין ניו-יארק

אלול - התשי״ט

## הונדערט יאָר שלום עליכם

**1959—1859**

# קיצור שלום עליכם

פאַר

## סעמינאַר און מיטלשולן



אַרויסגעגעבן דורכן

**ועד החינוך המרכזי בארגנטינה**

**צענטראַל-אָרגאַניזאַציע פאַר חינוך אין אַרגענטינע**

**בוענאָס איירעס 1959 — אב ה׳תשי״ט**

# שלום עליכם

### פון יעקב פיכמאַן

ווילנדיק־נישט־ווילנדיק קערן מיר זיך אַלץ אָפטער אום צו אים. צומאָל פאַרדריסט אַ ביסל: ס׳איז דאָך אויף אַן אמת געפערלעך אַלץ קוקן צוריק. עס ווילט זיך אָבער אָנהאַלטן זיך אָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז זיכער, וואָס לאָזט זיך נישט רירן פון אָרט. און אַלץ טיפער און זיכערער ווערט די איבערצייגונג, אַז שלום עליכם איז די גרעסטע דערגרייכונג פון אונדזער ליטעראַטור. יאָ, וואָס רייפער מיר ווערן אַלע, אַלץ קלאָרער ווערט עס אונדז. די ראַפינירטע קומען נאָך מיט טענות — מיט גערעכטע טענות. נאָר דווקא צווישן זיי וואַקסן אויס די גרעסטע באַוווּנדערער פון דעם דאָזיקן פענאָמען, וואָס איז געווען פאַרקערפּערונג פונעם ייִדישן פאָלקסטום, די איינציקע סטיכישע שאַפנדיקע קראַפט, וואָס מיר פאַרמאָגן. און האָט פּרצעס שאַפן געליטן פון אינערלעכער צעריסנקייט, און מענדעלעס — פון צופיל שטייפקייט, פון באַגרענעצנדיקע שלימות, איז שלום עליכם אויף אַזוי פיל אינגאַנצן באַרעכטיקט, אויף אַזוי פיל אינערלעך איבערצייגנדיק, אַז צו אים קען מען גאָרנישט צוגיין מיט קיין שום ליטעראַריש־קינסטלערישן מאַסשטאַב, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער פרייער גייסט, וואָס האָט קיין יאָך נישט געוווּסט, וואָס איז געגאַנגען שטענדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן גלייך צום ציל, וואָס איז געפירט געוואָרן שטענדיק מיט אַן אומגעזעענער, געבענטשטער האַנט. סוף־כל־סוף זעען מיט דאָך אָן יעדן מענטשן, נאָר לויט די געזעצן, וואָס ער אַליין אָנערקענט. שלום עליכם איז דווקא נישט געווען פון יענע, וואָס קערן וועלטן און טרעטן מיט די פיס אַלע־קינסטלערישע חומרות. באַוווּסטזיניק האָט ער דווקא געשטרעבט צו מענדעלען, זיין רבין, זיין קלאַסיקער, און זיך פאַרמאָסטן זיין גלייך צו אים, נאָר זיין גרויסער רייכער גייסט, וואָס האָט אָן לופט, אָן פרייקייט זיך נישט געקאָנט באַוועגן, האָט זיך גלייך אויסגעדרייט פון אונטער דעם רבינס קאַנטשיק און זיך געגאַנגען זיין וועג. אין דעם אויך איז געלעגן דער כוח זיינער — וואָס די פרייקייט זיינע איז אויך נישט געווען קיין שולחן־ערוכדיקע — ווייל ס׳איז אַ מצווה צו זיין פריי אויף

להכעיס די פּיליסטערן; נאָר אַ נאַטירלעכע, וואָס האָט געוואָלט אַרויסגיין פון די נויטווענדיקע הצטרכותן פון זיין גייסט, פון זיין געטלעך־לייכטער שאַפונג.

אין די ענגע זאַלן פון אונדזער ליטעראַטור, ווו אָפטמאָל פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון שטענדיקער אָנגעשטרענגטקייט, און אַלע גייען אַרום ווי איינגעשפּאַנט, ווי לאַסט פערד אין שווערע רייטוועגן, איז שלום עליכמס געבענטשטע שאַפונג געווען איר איינציקע לופט־קאַמער, איר אָפן פענצטער, דער לעגענדאַרער אוצר פון אירע פאַרשלאָסענע ווינטן. צווישן סאַמע מחמירים איז ער געווען דער איינציקער מקיל. דאָס איז געווען דער איינציקער פריילעכער פּוסגייער, וואָס האָט שפּילנדיק געלעבט און שפּילנדיק געשאַפן — אַליין געלאַכט און געמאַכט לאַכן אַנדערע און האָט מיט זיך אַליין פאַרקערפּערט דעם דיכטער מיטן לעזער, דעם זעער און דעם געזעענעם. נאָר אויף אים אַליין איז נישט געלעגן די קללה פון שווערקייט, וואָס דריקט אַפילו די גרעסטע פון אונדז. פּרץ, וואָס האָט אויפגעכאַפּט דעם אמתן פאָלקס־ריטם און דערגרייכט צומאָל דאָס, וואָס שלום עליכמען האָט זיך קיינמאָל נישט איינגעגעבן — איז געווען מער סטיליזאַטאָר, מער באַוווסטזיניקער נאָכמאַכער. ער האָט עס דערגרייכט נאָך קאָלאָסאַלער אָנשטרענגונג („פאָלקסטימלעכע געשיכטן") אָדער אין געציילטע גליקלעכע מאָמענטן פון רוח־הקודש (חסידישע דערציילונגען). שלום עליכם אָבער איז געווען אַ רעאַליסט, וואָס האָט געזויגן נאָר פון דער האַרטער ערד, און אויב ער האָט געטראָגן די דאָזיקע שווערע דריקנדיקע וועלט מיט דער לייכט־קייט פון אַ ריזנהאַנט, איז דאָס געווען, ווייל ער האָט נישט קאָפּירט, נישט נאָכגע־מאַכט, נאָר פון אים אַליין האָט אַרויסגערעדט דער סטיל פון אַ גאַנץ פאָלק, פון אַ גאַנצער עפּאָכע. ער אַליין האָט אין זיך פאַרקערפּערט די וועלט, וועלכע ער האָט געשילדערט — דאָס, וואָס ס'הייסט די געניאַלסטע פאָלקס־שאַפונג: ווען דאָס פאָלק רעדט נישט דורך אַ שליח־צבור, נאָר דורך זיך אַליין. דערפאַר שפּירן מיר דאָ נישט, אַז דער קינסטלער זאָל זיך עפּעס אַ כוח אָנטאָן. פאַרקערט, מיר האָבן דאָס געפיל, אַז ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך, באַפרייט זיך פון דעם, מיט וואָס ער איז געווען איבערגעלאָדן. נישט ער הייבט אויף דעם שטיין — נאָר דער שטיין ווערט אין זיין מעכטיקער האַנט פאַרוואַנדלט אין אַ לייכטער פעדער. צו וואָס דער דיכטער רירט זיך צו, ווערט עס באַפליגלט, לייכט, פליגלדיק, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם שלייער פון פאַרפרעמדקייט.

דעריבער אָטעמען מיר אַזוי לייכט אין זיינע שאַפונגס־געצעלטן. עס זיינען נישט קיין שטיינערנע מויערן. צווישן איין וואָרט און צווייטן ליגן דאָ גאַנצע פּאַסן פון גערוימען שטח, גאַנצע פעלדער פון פרייער לופט. זיינע ביכער האָט ער נישט געשריבן, זיי זיינען אַליין געשריבן געוואָרן. און נישט מיר לייענען זיי, נאָר זיי ווערן געלייענט פון זיך אַליין... עס איז די איינציקע גרויסע אימפּראָוויזאַציע אין אונדזער ביכער־ליטעראַטור, אין דער „תורה־שבכתב".

געוויס האָט ער אָפט איבערגעטריבן, און, ווי מען זאָגט, „פאַררעדט" זיך צופיל. דאָס מוז דאָך טרעפן ביים פּראָפעסיאָנעלן הומאָריסט. מאַכן לאַכן — פאַר דעם זיינען די מענטשן זייער דאַנקבאַר. נאָר דאָס לעבן איז ערנסט — און ווער עס

שרייבט ערנסט, דער ווערט נישט אַזוי לייכט נכשל. שלום עליכם אָבער איז צום גליק נישט געווען נאָר הומאָריסט; ריכטיקער געזאָגט — ער איז געווען יענער הומאָריסט־דיכטער פון גרויסן סטיל, וואָס זיין הומאָר קוועלט פון גרויסער ליבע, פון גייסטיקן רייכטום, פון מיטלעבן: עס קלינגט היינט אַ ביסל אַלטמאָדיש, ווען מען רעכנט אַזעלכע זאַכן פאַר מעלות ביי אַ קינסטלער. נאָר אַן דער דאָזיקער גרויסער ליבע, אָן מיטפילן איז מען קיינמאָל נישט גרויס.

שלום עליכם האָט מיטגעלעבט. ער איז אפשר געווען דער איינציקער מענטש ביי אונדז, וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַזעלכע אוצרות פון סימפּאַטיע צו מענטשן, צום פאָלק, צום געדריקטן, צום ליידנדיקן. נישט רחמנות האָט ער געשפּירט צו מענטשן — ער האָט געלעבט מיט זיי, געטראָגן ביי זיך אין האַרץ זייערע חכמות, זייערע נאַרישקייטן, ווי גרויסע קאַסטבאַרקייטן. דאָס איז גרעסער ווי רחמנות, וואָס מ׳טראָגט פון אויבן אַראָפּ. דאָס איז — זיך אַליין שטעלן אומעטום; דאָס הייסט — באַשטראַלן די פרעמדע לעבנס אַזוי, אַז זיי זאָלן פון זיך אַליין שעפּן פאַרגרינגערונג. יאָ, אין דעם זינען איז שלום עליכם געווען נישט נאָר דער שרייבער פון פאָלק. ער איז געווען זיין גוטער געניוס, זיין שיצער — דער, וואָס האָט אויסגעגראָבן די אוצרות זיינע און אים געמאַכט רייך מיט יענעם עשירות, פון וועלכן ער האָט אַליין נישט געוווּסט.

עס איז היינט ריזיקירט, אַפילו געשמאַקלאָז, צו זאָגן וועגן אַ שרייבער, אַז ער איז געווען דעמאָקראַטיש. מיר קענען זיי דאָך, די דעמאָקראַטן, וואָס מאַכן גליקלעך דאָס פאָלק, וואָס חנפען עס און טענהן שטענדיק אין זיין נאָמען. שלום עליכם איז אָבער געווען דורכגעדרונגען אינגאַנצן מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר דעם פאָלקס־מענטש, מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר זיין פשטות, פאַר זיין אמת — ער האָט אין אים געזען אַזאַ גרויסע שטיצע פאַרן נאַקעטן, קאַלטן אינטעליגענטישן לעבן, אַזאַ שפּייזער פאַר אונדזער גייסט, אַזאַ ערלעכן טראָגער פון די אייביקע מענטשלעכע אידעאַלן, אַז זיינע פאַרשווינען, ווי חוזק ער זאָל נישט מאַכן צומאָל פון זיי, זיינען דאָך די באַוווּנדערטסטע, די געשעצטע, די זיילן פונעם לעבן. קיינער האָט, ווי ער, נישט געזען דעם אָרעמאַן אַלס אויסדערוויילטן, פון גאָט געבענטשטן — אַ דאַנק די גרויסע לעבנס־כוחות, וואָס קוועלן אין אים. און קיינער האָט דעם גביר אונדזערן נישט געזען אַזאַ קלאָגעדיקן, אַזאַ גייסטיק־באַנומענעם, אַזאַ קליי־ניקן אין פאַרגלייך מיט זיינע „מענטשן", — מיט די, וואָס פאַרמאָגן נישט זיין מיסט.

## פאַר וואָס עפּעס „פונעם יאַריד“?

אַ מין הקדמה. — פאַר וואָס דער מחבר האָט זיך גענומען שרייבן זיין אויטאָביאָגראַפיע. — שלום לעכים דער שרייבער דערציילט די געשיכטע פון שלום עליכם דער מענטש.

פונעם יאַריד קאָן הייסן פונעם לעבן, וואָס איז געגליכן צו אַ יאַריד. יעדער איז אַ בעלן דעם מענטשנס לעבן צו פאַרגלייכן, נאָך זיין השגה נאָך, צו עפּעס אַ זאַך. למשל, איינער אַ סטאָליער האָט אַמאָל געזאָגט: „דער מענטש איז געגליכן צו אַ סטאָליער: אַ סטאָליער לעבט און לעבט, דערנאָך שטאַרבט ער, — אַזוי איז אַ מענטש אויך...“. פון אַ שוסטער האָב איך אַליין געהערט אַ מיינונג, אַז דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ פאָר שטיוול: כל־זמן די פּאָדעשוועס טראָגן זיך, זיינען די שטיוול — שטיוול, און אַז די פּאָדעשוועס טראָגן זיך אָפּ, איז מיטן קאָפּ אין דער ערד. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ בעל־עגלה זאָל פאַרגלייכן אַ מענטשן צו, להבדיל, אַ פערד. דעריבער וואָלט גאָר קיין חידוש נישט געווען, ווען אַזאַ מענטש, ווי איך, וואָס האָט אָפּגעטאָרעראַמט אַ האַלבע מאה יאָרן און גייט באַשרייבן די געשיכטעס פון זיין לעבן, זאָל אים איינפאַלן צו פאַרגלייכן זיין פאַרגאַנגענהייט צו אַ יאַריד.

דער אמת איז אָבער נישט אַזוי. פונעם יאַריד — מיינט מען דאָ דעם צוריק־וועגס, אָדער דעם סך־הכל, דעם רעזולטאַט פון דעם גרויסן יאַריד. אַ מענטש, אַז ער פאָרט אויפן יאַריד, איז ער פול מיט האָפענונגען, ווייסט נאָך אַליין ניט, וואָס פאַר אַ מציאות ער וועט דאָרט איינהאַנדלען און וואָס ער וועט דאָרט מתקן זיין... פליט ער דעריבער פייל אויסן בויגן, הענדום־פענדום, — טשעפּעט אים ניט, ער האָט קיין צייט ניט! פאָרט ער אָבער צוריק פונעם יאַריד, ווייסט ער שוין וואָס ער האָט דאָרטן געהאַנדלט און וואָס ער האָט דאָרט מתקן געווען, און פליט שוין ניט אַזוי געשמידיק. „ער האָט צייט“. ער קאָן זיך שוין אָפּגעבן דין וחשבון און האָט שוין ביד צו וויסן דעם רעזולטאַט פונעם יאַריד, און ער האָט מעגלעכקייטן אויך די וועלט באַקאַנט צו מאַכן מיט די דאָזיקע רעזולטאַטן, דערציילן פּאַוואָלינקע, נישט געכאַפּט, אַלצדינג, מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפן אויפן יאַריד און וואָס ער האָט געזען און וואָס ער האָט געהערט.

אַ סך מאָל האָבן מיר מיינע גוטע פריינט אויפגעפאָדערט, פאַרוואָס זאָל איך

מיר ניט נעמען די מי צו באַקאַנען דעם עולם מיט דער געשיכטע פון מיין לעבן? ס'איז שוין צייט, זאָגן זיי, און עס וואָלט אפשר געווען אינטערעסאַנט אויך. האָב איך געפּאָלגט מיינע גוטע פריינט און האָב מיך עטלעכע מאָל גענומען צו דער אַרבעט, און אַלע מאָל אַוועקגעלייגט די פּען, ביז... ביז ס'איז געקומען די צייט, איך האָב זוכה געווען נאָך פאַר פופציק יאָר צו באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט זיין מאַיעסטעט, מיטן מלאך־המות, גאָרנישט אויף קאַטאָוועס, — איך האָב מיך שיער־שיער ניט איבערגעפּעקלט אַהין, פון וואַנען מען קאָן קיין בריוול ניט שרייבן, קיין זאַך נישט איבערשיקן און אַפילו קיין גרוס נישט איבערגעבן. קורץ, איך האָב געהאַלטן ביי אָפּזאָגן די עטלעכע גילדן, — האָב איך צו מיר אַזוי געזאָגט: „אַצינד איז די רעכטע צייט. כאַפּ אַריין און שרייב, וואָרום קיינער ווייסט ניט ווענעמס מאָרגן עס איז. דו וועסט מאַכן אַ שטאַרב, וועלן קומען מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי קענען דיך און ווייסן דיך, און וועלן אויסטראַכטן זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. צו וואָס טויג עס דיר? אַ מער נעם שוין בעסער אַליין, דו קענסט זיך בעסער פון אַלעמען, און דערצייל ווער דו ביסט, שרייב דיין אויטאָביאָ־גראַפיע!...

עס איז אָבער גרינג אויסצורעדן — „שרייב אַן אויטאָביאָגראַפיע", אַן אמתע לעבנסגעשיכטע, נישט קיין אויסגעטראַכטע! דאָס הייסט אַזוי גוט, ווי אָפּגעבן דיין וחשבון פון מיין גאַנצן לעבן פאַר מיין לעזער, זאָגן ווידוי פאַר דער גאַנצער וועלט. איר ווייסט? שרייבן אַן אויטאָביאָגראַפיע און מאַכן אַ צוואה איז כמעט אַלץ איינס... איז איין מאָל אַוועק. און נאָך אַ זאַך: עס איז שווערלעך פאַר אַ מענטש, וואָס רעדט פון זיך אַליין, ער זאָל זיך קאָנען אויפהייבן אויף אַזאַ מדרגה, אַז ער זאָל ביי־שטיין קעגן דעם נסיון, ניט וועלן אויספּיינען זיך פאַרן פּובליקום, באַווייזן זיך פאַר „אַ ווילער בחור", וואָס סע קומט אים אַ קניפּ אין בעקל. איך האָב צוליב דעם אויסגעקליבן אַ באַזונדערע פאָרעם אויטאָביאָגראַפיע: די פאָרעם פון אַ ראָמאַן, פון אַ ביאָגראַפישן ראָמאַן. עס וועט אויסקומען, אַז איך וועל רעדן פון זיך זעלבסט, ווי פון אַ דריטער פּערזאָן. דאָס הייסט: איך, שלום עליכם דער שרייבער, וועל אייך דערציילן די ריכטיקע ביאָגראַפיע פון שלום עליכם דעם מענטשן, אָן צערעמאָניעס, אָן באַפּוצונגען און צאַצקערייען, ווי עס וואָלט איך דערציילט, למשל, אַ זייטיקער פּאַרשוין, אַ ווילד־פרעמדער, נאָר אַזעלכער, וואָס איז געווען מיט אים אומעטום, אַזעלכער וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט אים אַלע שבעה מדורי גיהנום. און דערציילן וועל איך עס אייך ביסלעכווייז, שטיקלעכווייז, איינגעטיילט אין באַזונדערע מעשיות, אַדער עפּיזאָדן איין עפּיזאָד נאָך דעם אַנדערן. און דער וואָס גיט כח דעם מענטשן, ער זאָל געדענקען אַלצדינג וואָס מיט אים האָט פּאַ־סירט אין זיין לעבן, זאָל מיר ביישטיין, אַז איך זאָל נישט דורכלאָזן קיין זאַך, וואָס מיר האָט געטראָפן און וואָס קאָן האָבן אַ אינטערעס, און קיין פּאַרשוין, וואָס איך האָב ווען באַגעגנט אויף דעם גרויסן יאַריד, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין די פופציק יאָר פון מיין לעבן.

* * *

# די בר־מצוה

דער בר־מצוה נעמט אויס. — אַ גאַלעריע טיפּן פון פּעריעסלאַווער בעלי בתים. — אַ מאַמעס טרערן.

אַריינטראַכטנדיק זיך אינעם לערנען אין יענעם מין „חדר“, ביי יענע מינים מלמדים, וואָס זיינען באַשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך, האָבנדיק פאַר זיך די רביצין, וואָס מען דאַרף איר העלפן, טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, וואָס מע דאַרף זיי פאָלגן אַ גאַנג, און כלערליי מינים שקאַצעריי, פון באָדן זיך זומער אין טייך ביז שפּילן ווינטער אין קוויטלעך און קנעפּלעך, הייגט גלאַט דאָס אַרומלויפן און אַרומשפּאַצירן איבער דער שטאָט, — איז שווער צו פאַרשטיין, פון וואַנען האָט זיך גענומען ביי די קינדער דאָס, וואָס זיי האָבן געקענט? מע דאַרף ניט פאַרגעסן דאָס אויך, אַז דעם רבין האָט מען גענאַרט, דעם טאַטן האָט מען גענאַרט און אַפילו דעם רב, צו וועלכן מען האָט געפירט די קינדער פאַרהערן, האָט מען אויך אָפּגענאַרט. הייגט ווו האָט זיך גענומען מאַטעריאַל אויף אָפּצונאַרן אַ גאַנצע שטאָט מיט ייִדן, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען אויף דער בר־מצוה צו נחום ראַבינאָוויטשעס זונדל? דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע געדענקט דאַכט זיך קלאָר, אַז ער האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן פון דעם, וואָס מע האָט אים אויסגעשטעלט, ער זאָל זאָגן אויף זיין יום־טוב — און דאָך האָט געקלונגען די שטאָט מיט זיין בר־מצוה. טאַטעס האָבן מקנא געווען. מאַמעס האָבן זיך געווונטשן אַזעלכע קינדער.

ס'איז געווען אַן אמתער יום־טוב. אַ גרויסאַרטיקער יום־טוב. און אין אים האָבן זיך באַשעפטיקט אַ סך הענט, אונטער דער קאָמאַנדע פון דער באָבע מינדי, וואָס האָט אויסגעזען אין איר שבתדיקן אָנטון, מיטן שטערנטיכל, ווי אַן אמתער קאָמאַנדיר. זי האָט געקאָמאַנדעוועט, ועמען מע זאָל רופן און ועמען ניט; ווער ס'זאָל זיצן אויבן־אָן און ווער ניט; וואָסערע טעלער מע זאָל שטעלן; וואָסערע בראָנפן און וואָסערע ווינען מע זאָל טרינקען. מיט אַלעמען האָט זי זיך איבער־געקריגט, אויף אַלעמען אָנגעבייזערט, ניט געשאַנעוועט אַפילו דעם בר־מצוה־העלד, ער זאָל זיך האַלטן, ווי אַ מענטש, ניט האָבן קיין טבע צו בייסן די נעגל, כאָטש צווישן מענטשן, ניט לאַכן אַליין און ניט מאַכן לאַכנדיק די איבעריקע קינדער, קורץ — ניט זיין קיין ימח־שמוניק.

— גאָט האָט רחמנות געהאַט, האָסט דערלעבט די בר־מצוה, איז שוין צייט, זאָלסט ווערן אַ שטיקל מענטש! — האָט זי איינגעטענהט מיט אים, באַשפּיגן די פינגער און אויסגעגלעט דאָס לעצטע רעשט פון די פּאהלעך, וואָס זי האָט קוים „אָפּגעוואָיעוועט“ (אויסגעקעמפט) ביי איר זון. נחום ראַבינאָוויטש האָט שוין לאַנג חשק געהאַט זיי גאָר אין גאַנצן אָפּשערן, האָט די באָבע מינדי ניט דערלאָזט.

— אַז איך וועל שטאַרבן און מיינע אויגן וועלן עס ניט זען, — האָט זי אים

געזאָגט — וועסטו דעמאָלט מאַכן דײַנע קינדער פֿאַר גויים. און איצט, כל־זמן איך לעב נאָך, וויל איך זען אויף זייער פּנים, כאָטש אַ סימן פֿון ייִדישקייט.

אַ חוץ דעם גרויסן עולם, וואָס מע האָט צונויפֿגערופֿן גלייך פֿון שול אויף בר־מצוה, איז זיך צונויפֿגעקומען די גאַנצע משפּחה. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער רבי משה דוד רודערמאַן, אין דער שבתדיקער געוועזענער קאַפּאָטע, מיטן אָפּגעבליאַ־קעוועטן פּלוסן היטל, ווי אַ לאַטקע אויפֿן קאָפּ, איז אויך געווען בתוך הבאים. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן זייער קליין און פֿון דערווייטן. פֿון דער מעשה אַן מיטן זון, וואָס האָט זיך געוואָלט שמדן, איז ער געוואָרן בײַ זיך שטאַרק אַראָפּגעפֿאַלן. ער האָט זיך כמעט גאָרניט צוגערירט ניט צום קידוש, ניט צום פֿאַרבײַסן, גע־



שלום עליכם און מרדכי ספּעקטאָר (1902)

זעסן פֿאַררוקט אין אַ ווינקעלע, איינגעבויגן אין דרייען, און שטילערהייט געהוסט אין די ברייטע אַרבל פֿון דער שבתדיקער געוועזענער קאַפּאָטע.

נאָר אָט איז געקומען די מינוט פֿונעם עקזאַמען. דער בר־מצוה בחורל האָט זיך באַדאַרפֿט אַוועקשטעלן און אַרויסבאַווייזן דעם עולם וואָס ער קען. האָט מיט אַמאָל דער רבי רודערמאַן אויפֿגעכאַפּט זיך; זײַן פּלייצע האָט מיט אַמאָל אויס־געגלייכט זיך; די געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָבן זיך אויפֿגעהויבן און זײַנע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן, איינגעזויגן אינעם תּלמיד, און זײַן גראָבער פֿינגער האָט מיט אַ קוועטש, ווי דאָס שטעקעלע פֿונעם דיריזשאָר, אונטערגעזאָגט דעם תּלמיד די אויסגעשטעלטע ווערטער.

און דער תּלמיד, דער בר־מצוה הייסט עס, איז תּחילת שיער ניט אומגעפֿאַלן

פּאָר שרעק, געפּילט אַ מאָדנע טרוקנקייט אין מויל און אַ שווינדל אין די אויגן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער גייט אויף איז. אָט־אָט צעשפּאַלט זיך דאָס אייז און טראָגט — ער טוט אַ פאַל מיטן גאַנצן עולם. נאָר וואָס ווייטער־ווייטער, איז ער, אונטער דעם רבינס קוק און אונטער דעם רבינס קוועטש מיטן גראָבן פינגער, געוואָרן ביי זיך שטאַרקער און שטאַרקער, און ער האָט אָנגעהויבן שפּאַ־נען, ווי אויף אַן אייזערנעם בריק, און ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין אַלע איברים, און עס איז אַוועק ביי אים ווי אַ מזמור.

האַלטנדיק אין מיטן דער אַרבעט און דרייענדיק מיטן פינגער נאָכן רבינס גראָבן פינגער, האָט דער בר־מצוה פונדעסטוועגן גוט געקוקט אויפן עולם, געזען דעם אויסדרוק פון אַלע פנימער, נישט דורכגעלאָזט קיינעם. אָט איז יצחק־ביגדור, וואָס רירט מיט די פּליִיצעס און קוקט מיט די גזלנישע אויגן. אָט איז דער אַלטער יהושע סטריבנע — מע זאָגט, אַז ער איז שוין אַ בן מאה, אַלט הונדערט יאָר. די צונג איז ביי אים אין מויל ווי אַ גלעקל, מחמת קיין ציין האָט ער שוין ניט. אָט איז זיין זון בערקע, שוין אויך גענוג אַלט, די אויגן האַלט ער צו און דעם קאָפּ אויף דער זייט. אָט איז אשר ניידיס, וואָס אַלע רופן אים דער „פּעטער אַשר״ — טאַקע אַ פּעטער, אַ ברייטער, אַ גראָבער. די זיידענע קאַפּאָטע אויף אים שפּאַלט זיך און אַליין איז ער גרוי ווי אַ טויב. און אָט איז יאָסי פּרוכשטיין מיט די גרויסע אַריינגעשטעלטע ציין, מיט די גלענצנדע ברילן און מיטן שיטערן בערדל — אַן אַפּיקורס אַ ייִד, וואָס שפּילט מיט נחום ראַבינאָוויטשן אין שאָך און לייענט אַזעלכע ביכלעך ווי „מסתרי פּאַריז״, „שבילי עולם״ און נאָך אַזעלכע זאַכן. לעבן יאָסין שטייט זיין יונגערער ברודער, מיכאל פּרוכשטיין, אַ יונגער מאַן אַ חכם, אַ ממזר, וואָס לייקנט אָפּ אַלצדינג, הייסט דער שיקסע פּאַרלעשן דאָס ליכט אום שבת און האַלט שטאַרק פון אַזעלכע ייִדן, ווי משה בערנער און בעני קאַנאַווער, וואָס אַלע ווייסן, אַז אין דער יוגנט האָבן זיי אַמאָל פּאַרקוקט אין אַ זייט, בעת דער שערער האָט זיי צורעכט־געמאַכט די בערדלעך... ישראל בערדיצקי איז אויך געווען בתוך הבאים. אַמאָל האָט מען אים גערופן ישראל דער כלי־זמר, נאָר איצט האָט ער שוין געהאַט אַן אייגענע שטוב, אַ שטאָט אין מזרח, אַ באָרד האָט ער זיך צעקעמט אַ ברייטע, אַ שוואַרצע, אַ גלענצנדיקע, און כאָטש ער זאָגט זיך ניט אָפּ איצט אויך פון צו שפּילן אויף אַ געהויבענער חתונה, נאָר פונדעסטוועגן וועט אים קיינער ניט רופן כלי־זמר, אַפילו הינטער די אויגן. און ער איז טאַקע אַ שיינער ייִד, פּירט זיך מעשה בעל־הבית, אַז ער לאַכט, לאַכט ער מיט אַלע ציין, קליינע, שיטערע, ווייסע ציין. אַפילו רפאל דעם שמש מיטן אויגל האָט דער בר־מצוה נישט דורכגעלאָזט. רפאל איז געשטאַנען האַלב איינגעבויגן און אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם, וואָס דער בר־מצוה האָט געדרשנט. און עס האָט אויס־געוויזן נאָך זיין דאַרן פּנים און אויסגעבויגענער נאָז, אַז אָט־אָט טוט ער אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערן טיש און רופט אויס מיט זיין שבתדיקן נוסח: „צע־הען גיל־דוין אום כהן!...״

אַלעמען און אַלעס האָט דער בר־מצוה באַמערקט. און אַלע פּנימער האָבן

אויסגעזען יום־טובדיק. נאָר יום־טובדיקער פון אַלעמען איז געווען דעם פעטער פיניס פּנים. געזעסן גאַנץ אויבן־אָן, לעבן בר־מצוהס פאָטער, אין זיין שבתדיקער זיידענער קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטן זיידענעם גאַרטל, מיט אַ בלוי סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ, האָט דער פעטער פיני געקוקט אויפן בר־מצוה פון אונטן אַרויף, געשמייכלט זיך אין באָרד אַריין, ווי אײַנער רעדט: „מילא, קענען קען ער, דער ימח־שמוניק, — דאָס זעט מען... נאָר צי דאַוונט ער אַלע טאָג? צי היט ער אָפּ נעגל־וואַסער? צי לייענט ער קריאת־שמע פאַרן שלאָף צי טראָגט ער ניט אום שבת? — דאָס איז ביי מיר אַ גרויסער ספק!...“

דערפאַר איז אָבער דער פאָטער פונעם בר־מצוה געווען — אים נישט אין פּנים אַריינצוקוקן. עס איז געווען צו זען, אַז קיין מער גליקלעכער מענטש, ווי ער, איז אויף דער וועלט נישטאָ. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַרויף, די ליפּן האָבן זיך אים געריהט, נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט דעם זון, געקוקט אויפן עולם, אויפן ברודער פיני, אויפן רבין רודערמאַן, אויפן בר־מצוה אַליין און אויף דער מאַמע פונעם בר־מצוה.

און די מאַמע, די קליינטשקע חיה־אסתר, איז געשטאַנען גאָר אומבאַמערקט, מיט דרך־ארץ ביי דער זייט, צווישן די איבעריקע ווייבער, אין דער שבתדיקער, זיידענער פּאַטשיילע, אַ פאַרגאַפטע, שטילערהייט, זיפצנדיק, זיך אויסגעקנאַקט אַלע פינגער, און צוויי בלישטשענדיקע טרערן, ווי צוויי ברילאַנטן, האָבן זיך געקייקלט און אַפּגעשיינט קעגן דער זון אויף איר גליקלעך, יונג, ווייס, נאָר שוין געקנייטשט פּנים.

וואָס זיינען דאָס געווען פאַראַ טרערן? טרערן פון פריידן? פון תענוג, פון גדלות? פון דער שלעכטער צייט? אָדער אפשר האָט אַ מאַמעס האַרץ איינגערוימט — איר אַ סוד אויפן אויער, אַז אָט דאָס בר־מצוה בחורל, וואָס קלינגט איצט אַזוי שיין, וועט אין גיכן, גאָר אין גיכן, זאָגן קדיש נאָך איר נשמה?...

ווער ווייסט, וואָס אַ מאַמע קען ווייגען?...

* * *

## ימים־נוראים

דער באַהאַלטענער טייך „ראָס“. — באַהסלעווער וואַלד. — די באַהסלעווער אַלטע קלויז. — די באָבע גיטל שלאָגט מיט די אייניקלעך כפרות. — דער זיידע בענטשט זיי ערב יום־כפור און זיינע אויגן זיינען נאַס.

עס איז שווער צו זאָגן, וווּ איז געווען מער לעבן, מער פּאָעזיע — ביים טייך „ראָס“, אָדער אין באַהסלעווער וואַלד, אָדער אין דער אַלטער קלויז? עס איז שווער צו זאָגן, וואָס פון די דריי האָט געהאַט אין זיך אַ גרעסערן יצר־הרע? ביים „ראָס“ — דאָרט איז אַ לעבן! דאָרט איז פריילעך! דאָרט טרינקען אַן בעל־עגלות זייערע

פערד; דאָרט שעפּן אָן וואַסער־פּירערס וואַסער אין זייערע פעסלעך; דאָרט שטייען ווייבלעך און מיידלעך, באָרוועסע, מיט רויטע פּולקעס, און וואַשן גרעט, קלאַפּן און שפּריצן מיטן פּראַטש, אַזש פונקען פליען; דאָרט באָדן זיך, פּליאַסקען זיך, לערנען זיך שווימען אין כאַפּן פישלעך ייִנגלעך אָן אַ שיעור, טוען זיך אויס צווישן די שטיינער, שפּרינגען אין טייך אַריין, — און אַלע שרייען, אַלע פילדערן: „זע, ווי איך שווים! זע, ווי איך ליג אויפן רוקן, זע בעסער, ווי איך גיי טריט וואַסער! זע, ווי איך טוק זיך! זע, ווי איך מאַך בולבעס״. אַלע רעדן, אַלע באַווייזן קונצן, אַלע קאָנען. די פּערעיאַסלאַווער יתומים זיינען זיי שרעקלעך מקנא. איינער פון דער חברה גייט צו אַ באַקעטער, ווי די מאַמע האָט אים געהאָט. אַברהמל רופט מען אים. אַ בחורל שוואַרץ ווי אַ טאַטער, אויגן ביינקאַוואַטע, אַ פּנים ווי אַ לאַקשן־ברעט, אַ נעזל ווי אַ פּאַסאָלי. „ווי אַזוי רופט מען דיך?״ „שלום״. „שווימען קענסטו?״ „ניין״. „וואָס זשע שטייסטו? קום אַהער, וועל איך דיך אויסלערנען״... איר פאַר־שטייט? ניט לערנען, נאָר אויסלערנען! — דאָס איז גאָר אַנדערע ווערטער.

נישט ווינציקער פּאָעזיע איז אין וואַלד. דער באָהסלעווער וואַלד איז רייך אין באַרלעך. די באַרלעך זיינען אַפילו האַרט ווי שטיינדלעך און זויער — עסיק! נאָר פּאַרט באַרלעך. און קאָסטן גאָרנישט. איר קאָנט אייך רייסן וויפל איר ווילט — הפקר! מע באַדאַרף נאָר קאָנען דערלאַנגען. וואַלד־באַרלעך וואַקסן הויך. מוז מען אַרויפקלעטערן אַרויף אויפן בוים און טרייסלען דעם בוים מיט אַלע כוחות, אַניט וועלן די באַרלעך ניט פאַלן. אויסער באַרלעך זיינען אין באָהסלעווער וואַלד פאַראַן ניסלעך אויך. האָזענע ניסלעך. זיי ווערן שפּעט פּאָרטיק און זיינען באַוואַקסן מיט אַ שאָלעכץ — ביטער גאַל. און קיין יאָדערן זיינען אין די ניסלעך ניטאָ. זיי וועלן ערשט אַמאָל זיין. נאָר עס מאַכט ניט אויס. פּאָרט ניס. מען קאָן אָנלעגן פולע קע־שענעס. דאָס, וואָס מע רייסט אַליין איז אָנגעלעגט. און רייסן באַרלעך און טרייסלען ניס באַדאַרף מען קאָנען. אַברהמל קאָן. אַברהמל איז אויף אַלצדינג אַ כוואַט. איז אַ גוטער בטבע, אַ מזג טוב, אַ מענטש אָן אַ גאַל. איין חסרון נאָר, וואָס ער איז אַ קבצנס אַ ייִנגל. זיין מאַמע איז אַן אָרעמע אלמנה און אַ קעכן ביי די יאַמפּאָלסקיס. געווירע געוואָרן דערפון איז דער פעטער איצי, און האָט עס באַלד אָפּגעטראָגן דעם באָבע גיטל אין אויער אַריין. האָט די באָבע גיטל צוגערופן דאָס אייניקל שלום צו איר בעט, אים געשענקט אַ באַר פון אונטער דעם קישן און אָנגעזאָגט עטלעכע מאָל, ער זאָל זיך ניט דערוועגן מער באַגעגענען זיך און זיין באַקאַנט מיט אַזעלכע ייִנגלעך, ווי אַברהמל, וואָרום טאָמער דערוויסט זיך דער זיידע משה־יאָסי, אַז זיינע אייניק־לעך באַגעגענען זיך מיט אַזעלכע ייִנגלעך, וועט זיך טון חושך!...

זיי איז גרינג צו זאָגן „ניט באַגעגענען זיך״ — אַז מיט דעם אַברהמלען מוז מען זיך באַגעגענען כאָטש צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פרי און אויף דער נאַכט — ביים קדיש זאָגן. אַברהמל איז אויך אַ יתום. ער זאָגט קדיש נאָך זיין טאַטן אין דער אַלטער קלויז. אַך, וויפל קדישים דאָרטן איז! און אַלע זאָגן קדיש איין מזרח!... משה־יאָסי דעם האָמאַרניקס אייניקלעך, אַז זיי זיינען געקומען מיטן זיידן דאָס ערשטע מאָל אין דער אַלטער קלויז, האָט זיי דער זיידע צוגעפירט גלייך צום שמש

און האָט אים אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז ער וויל, אַז זייער אָרט אויף זאָגן קדיש זאָל זיין לעבן עמוד, וואָרום דאָס זיינען „טאַטנס קינדער"... דער שמש, אַ זקן מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקן און מיט אַלטע טראַכטמענדיקע אויגן, וואָס זעען אויס ווי אַרומגעלאַמעוועט מיט רויטן, האָט אויסגעהערט דעם זיידן מיט דרך־ארץ, נישט געענטפערט קיין וואָרט, אַריינגעכאַפּט אין נאָז אַ רעכטן שמעק טאַבעק, גיך אָפּגעטרייסלט די פינגער און אונטערגעטראָגן אויך דעם זיידן דאָס פושקעלע, אַ קלאַפּ געגעבן מיטן נאָגל איבערן דעקל און מכבד געווען מיט אַ שמעק טאַבאַק אָן ווערטער. דאָס האָט באַדאַרפט הייסן: „גוט וואָס איר האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זיינען טאַטנס קינדער, זיינען זיי שוין, זייט זיכער, ביי מיר דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג, וואָס איז שייך!"

די באַהסלעוועד אַלטע קלויז האָט געהאַט אין זיך אַזאַ כוח, אַז די פּערעיאַס־לעווער יתומים, ווי מע האָט זיי דאָרט גערופן, האָבן זיך צוגעבונדן צו איר, גלייך ווי זיי וואָלטן דאָרט געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן. אַלצדינג האָט ביי זיי אויסגעזען מוראדיק גרויס און שיין און הייליק. אויף אַלצדינג איז געלעגן אַ באַזונ־דערע חתימה פון אַלטער שיינקייט, פון פאַרגאַנגענער גרויסקייט, פון פאַרצייטיקער הייליקייט — אַ שטיק בית־המקדש.

נאָר אויב די באַהסלעוועד אַלטע קלויז האָט אויסגעזען ביי די פּערעיאַסלאַווער יתומים אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר ווי אַ שטיק בית־המקדש, איז זי צו ימים־נוראים, צו ראש־השנה און יום־כפור, געוואָרן פאַר זיי טאַקע אַ גאַנצער בית־המקדש. זיי האָבן נאָך קיינמאָל אַזוי פיל ייִדן ניט געזען און האָבן נאָך קיינמאָל אַזאַ דאַווענען ניט געהערט. דאָס איז געווען אַ מיש־מאַש פון אַלערליי מינים חסידים און חב"ד־ניקעס, וואָס האָבן ביים דאַווענען איינגעלייגט די וועלט, געפּאַטשט מיט די הענט, געקנאַקט מיט די פינגער, און געזונגען מאָדנע ניגונים, געברומט און געבאַמקעט און מיט אַמאָל פאַרגאַנגען זיך און פאַרדבקהט זיך אויף עטלעכע מינוט, און ווידער גענומען זינגען און ברומען און באַמקען און קנאַקן מיט די פינגער. פאַר די פּע־רעיאַסלאַווער יתומים איז אַזאַ מין דאַווענען געווען אַ נייעס, אַ גאַנצער ספּעקטאַקל. נאָר שענער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דער זיידע משה־יאָסי האָט מיט זיין דאַווענען איבערגעשטיגן אַלע דאַוונער פון דער אַלטער קלויז. ער איז געווען ניט קיין חב"דניק, נאָר גלאַט אַ מאָדנער חסיד מיט אייגענע גענג, אייגענע מנהגים און אייגענע משוגעתן. ער האָט זיך פאַרגונען בלייבן אין קלויז שבת און יום־טוב לאַנג־לאַנג נאָך אַלעמען. דער פעטער איצי, אין דער אַנדערער האַלבער שטוב, האָט שוין געהאַלטן אין עסן, פון אויוון האָט זיך געלאָזט הערן אַ ריח פון געפילטע פיש און יום־טובדיקע מאכלים, עס האָט געקלעמט דאָס האַרץ און אַזש דערלאַנגט ביזן לעפעלע, — און דער זיידע האָט נאָך אַלץ געדאַוונט, געזונגען און געבאַמקעט. די באָבע גיטל האָט עטלעכע מאָל בשתיקה אונטערגערוקט די אייניקלעך, חיה־אסתרס קינדער, צו שטיקלעך לעקעך — ס'זאָל זיי ניט איבערחלשן דאָס האַרץ, און אַ זאָג געגעבן צו זיי מיט אַ געלעכטער: „איר וועט שוין געדענקען, ווען איר האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן משוגעים"...

דער פעטער איצי האָט דערווייל שוין אָפּגעגעסן און אָפּגעבענטשט, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער אַנדערער האַלבער שטוב: „נישטאָ דער טאַטע? כאַ־כאַ...״ לאַ־די ער האָט אָפּגעגעסן, לאַכט ער נאָך!... קוים מיט צרות, גאָט האָט דרחמנות געהאַט — דער זיידע איז שוין דאָ! אַריינגעפלויגן, שלעפּנדיק די רעזשעווקע מיט די אַרבל אויף דער ערד, איז ער מיט אַ ברייטן גוט יום־טוב, און גלייך קידוש מאַכן, אָבער מיט אַזעלכע קולות, אַז די גאַנצע גאַס האָט געמוזט הערן.

— צוליב די קינדער, צוליב די יתומים בעבעך, וואָלסטו, דאַכט זיך, געמעגט אַמאָל פאַרבייגיין דיינע משוגענע שטיק און מאַכן עס בקיצור? — האָט אים די באָבע פאַרגעהאַלטן. נאָר ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפן. ער האָט נישט געהערט. ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרדבקהט און אַריינגעטאָן אין די עולמות העליונים, מיט איין האַנט געגעסן, מיט דער אַנדערער געמישט עפּעס אַן אַלטן ספר, און שאָקלענדיק זיך אַריינגעקוקט אַהין מיט איין אויג, מיטן אַנדערן געכאַפּט אַ קוק אויף די אייניקלעך און געזיפּצט, שטאַרק געזיפּצט. דאָס זיפּצן איז געווען טאַקע אויף די אייניקלעך, די יתומים, וואָס זייערע נשמות ליגן אין גשמיות, האָבן אין זינען די אכילה, געבן נאָך דעם יצר־הרע מיט אַלע זיינע תאוות... נאָכן עסן האָט ער זיי דאָס פאַרגעהאַלטן, געזאָגט אַ היפּשע ביסל מוסר, בעזען, ס'זאָל זיי אויספאַלן באָקאָם דער פרישער קוילעטש מיט די געפילטע פיש מיטן זיסן פאַסטערנאַק־צימעס מיט די אַלע איבעריקע יום־טובדיקע מאכלים, וואָס די באָבע גיטל האָט, ליגנדיק אין בעט אַ געלעמטע, נאָר מיט איר שכל געקאַנט צוגרייטן על צד היותר טוב.

דאָס איז געווען ראש־השנה. ערב יום־כפור איז געווען נאָך שענער. דער ערב יום־כפור האָט זיך אויסגעפיינט אין באַהסלאָוו ביים זיידן משה־יאָסי מיט צוויי זעלטענע צערעמאָניעס, וואָס האָבן געמאַכט אויף די יתומים אַ באַזונדערן איינדרוק. די ערשטע צערעמאָניע איז געווען דאָס שלאָגן כפרות מיט אַ נאַכט פריִער פאַר ערב יום־כפור. שלאָגן כפרות האָבן זיי געשלאָגן אין דער היים אויך, נאָר דאָ, אין באַהסלאָוו, איז געווען אַן אַנדער מיר כפרות שלאָגן. די באָבע גיטל האָט גענומען די דאָזיקע מצווה אויף זיך. זי, הייסט עס, האָט געשלאָגן מיט איר חיה־אסתרס יתומים כפרות. זיצנדיק אַ געלעמטע אין בעט, האָט זי צוגערופן די גאַנצע כאַליאַסטרע צו זיך, געגעבן יעדן זיין כפרה: די יינגלעך צו הענער און די מיידלעך צו הינער, געעפנט איר גרויסן סידור און אָנגעוויזן מיט אירע אויסגעדרייטע פינגער אויפן „בני־אדם״. די עלטערע האָבן דעם „בני־אדם״ געזאָגט אַליין, און מיט די קלענערע, מיט די מיידלעך, האָט די באָבע געזאָגט דעם „בני־אדם״ וואָרט ביי וואָרט און הויך אויף אַ קול און מיט אַ ניגון: „בני־אדם יושבי חושך וצלמות! אסירי עני וברזל!...״ און געוויינט בעת־מעשה אַזוי, ווי מע קען נאָר וויינען סיידן אויף אַ טויטן. און ווער שמועסט, אַז ס'איז געקומען צו דער יינגסטער פון די יתומהלעך, צום מיידעלע, וואָס איז אַלט קוים אַ יאָר, האָט די באָבע שיִער געחלשט פאַר געוויין! אויף איר קוקנדיק, האָבן זיך די קינדער אויך צעוויינט, און אויף זיי קוקנדיק — אויך די עלטערע, און ס'איז געוואָרן אַ יללה מיט סכנת־נפשות. אין יענעם ביטערן שבת, בעת די מאַמע זייערע איז געלעגן מיט שוואַרצן איבערגעדעקט אויף

דער ערד, האָבן די יתומים קיין צענט חלק אפילו ניט געווינט, ווי אַצינד, ביי דער באָבעס „בני־אָדם".

די צווייטע צערעמאָניע איז געווען אויף מאָרגן, ערב יום־כפור, נאָכן קומען פון דער אַלטער קלויז,ווו חברה האָבן באַקומען לעקעך פונעם גבאי ראשון פולע קעשענעס. דער זיידע משה־יאָסי האָט נאָך נעכטן אָנגעזאָגט, באַלד נאָך כפרות שלאָגן, אַז די קינדער זאָלן נאָכן דאַוונען אין דער פרי למען השם, קומען צו אים זיך בענטשן.

מאָדנע יום־טובדיק אָנגעטאָן און יום־טובדיק געשטימט איז געווען דער זיידע־משה־יאָסי. אויף דער אַלטער צעהאַקטער אַטלאַסענער קאַפּאָטע האָט ער געטראָגן אַ מאָדנע מין טיזליק פון אַ מאָדנע מין האַרטן שרייענדיקן שטאָף, וואָס מע קריגט שוין ניט היינטיקע ציטן אין ערגעץ, מע זאָל הערלן באַצאָלן דערפאַר מי יודע וויפל. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שטריימל מיט אַ סך עקן, און אויפן אָפּענעם האַלדז — אַ ברייטן קלאָר־ווייסן קאָלנער מיט צוויי שפּיצן. אויף דער קאַפּאָטע — אַ בייגאַרטל אַ ברייטן מיט לאַנגע קאָטעסן מיט באָמבעלעך. די מוראַדיקע ברייטע וואָנסיס מיט די מוראַדיק געדיכטע גרויסע ברעמען האָבן איצטיקס מאָל אויסגעזען ניט אַזוי בייז, ווי אַלע מאָל, און דאָס גאַנצע פּנים האָט אויסגעזען איצטיקס מאָל ווייך, מוחלדיק ווייך און גאָר פריינדלעך.

— קומט אַהער, קינדער, וועל איך אייך בענטשן — האָט ער יום־טובדיק־ברייט אַריינגערופן די יתומים צו זיך אין זיין ענגן, פינצטערן חדרל מיט די פעלצן, אַרויפגעלייגט אוי פיעדן פון זיי די הענט מיט די ברייטע אַרבל פון זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע, צוגעמאַכט די אויגן, פאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף און געזאָגט. און געזאָגט, און געזאָגט עפּעס שטילערהייט, און שטאַרק געזיפצט און געקרעכצט. און אַז ער האָט אָפּגעזאָגט, האָבן די יתומים אים אַ קוק געגעבן אין פּנים, האָבן זיי דערזען זיינע אויגן לייכטן, נאָר זיי זיינען רויט, די ברעמען נאַס, און די וואָנסיס נאַס, און די באָרד נאַס — נאַס פון טרערן.

* * *

## סוכות

אַ בשותפותדיקע סוכה. — דער זיידע דאַוונט און די קינדער ווילן עסן. — שמחת־תורה איז דער זיידע זיך משמח מיט דער שכינה.

דאָס ערשטע פלעקל פון דעם זיידן משה־יאָסיס סוכה איז אַריינגעשלאָגן געוואָרן, פאַרשטייט זיך, מוצאי יום־כפור, תיכף נאָכן אָפּפאַסטן זיך. געבויט האָט די סוכה דער פעטער איצי, און די יתומים האָבן אים אונטערגעהאָלפן, נאָר גע־קאָמאַנדעוועט האָט דער זיידע, געגעבן עצות ווי אַן אויבעראַרכיטעקטאָר: „דאָס אַהער!" „דאָס אַהין!" „דאָס וועט אַריין!" „דאָס וועט נישט גיין!" נאָך מער קונץ

— וואָס דער זיידע מיטן פעטער רעדן נישט צווישן זיך קיין וואָרט. ברוגז. די באָבע האָט דערפון יסורים: אַ בן־יחיד, דער איינציקער קדיש איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און רעדט נישט מיטן טאַטן — ווי האָט מען געהערט אַזאַ רציחה?...

אין דער בשותפותדיקער סוכה זיינען געשטאַנען גרייט צווי טישן פאַרן זיידן באַזונדער און פאַרן פעטער באַזונדער. אויף יעדן טיש איז געווען צוגעגרייט באַזונדער ווין אויף קידוש, באַזונדערע חלה, באַזונדערע לייכטער מיט ליכט. די מומע סאָסי האָט זיך געבענטשט ליכט ביי איר טיש, און די באָבע גיטל האָט מען אַרויסגעטראָגן מיטן בעטל, זי זאָל בענטשן ליכט ביי איר טיש. דערנאָך איז געקומען צו גיין דער פעטער איצי פון קלויז און געמוזט וואַרטן ביז דער זיידע וועט אַמאָל דערמאָנען זיך קומען און מאַכן דעם ערשטן קידוש. מע קאָן דאָך ניט זיין אַזוי גראָב קעגן אַ טאַטן — כבוד־אב! אַלע ווילע איז דער פעטער איצי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און אַריינגעקוקט אין סוכה אַריין, און אַלע מאָל מיט אַן אַנדער אויסרייד: „ניטאָ נאָך?”... „היינטיקס יאָר שפּעטער ווי אַלע יאָר ביי די חסידים!”... „הם... אָט באַלד גייען אויס די ליכט און מע וועט דאַרפן עסן אין דער פינצטער...” אויפן פעטער איצי האָבן די קינדער דערלעבט אַ נקמה: אַ האַרטער ייד, אַן אַ נשמה — לאָז ער אויך וויסן, וואָס הייסט זיין הונגעריק!...

נאָר אָט איז געקומען דער זיידע מיטן טיזליק, אָפּגעגעבן דעם ברייטן גוט־יום־טוב, אַרויסגעקריגן רב יעקבס עמדינס סדור, אַ קורצער סדור, נאָר אַ גראָבער, אַ געפּאַקטער, און אַוועקגעזעצט זיך זאָגן די אושפּיזין און האָט געזאָגט און געזאָגט, און געזאָגט און געזאָגט... און פון קיך האָבן, ווי אויף להכעיס, זיך געלאָזט הערן די פיש מיט זייער געפעפּערטער געפּילעכטס, און די פרישע צוגעברוינטע חלות האָבן זיך גערייצט: „אונדז, אַז איר וועט איינטונקען אין דער הייסער פיש־יויך, וועט איר פילן דעם אמתן טעם־גן־עדן...” און דער זיידע משה־יאָסי דעם האַמאַרניקס, טוט זיך זיינס: ער זאָגט! די ליכט אין סוכה לעשן זיך — און ער זאָגט. — די קינדער חלשן עסן, גייען אויס שלאָפן — און ער זאָגט! מיט אַמאָל האָט דער זיידע זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף, צוגעלאָפן צום טיש און געגעבן אַ לייג אַוועק דעם יום־טובדיקן קידוש, איז געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן. נאָך אים דער פעטער איצי ביי זיין טיש. נאָכן פעטער איצי, חיה־אסתרס יתומים, איינציקווייז, און די באָבע גיטל בעת־מעשה האָט געלאָזט אַ טרער — הקיצור, עס האָט נאָך לאַנג גענומען ביז מע האָט דערלעבט איינטונקען די המוציא אין האָניק און דערזען זיך מיטן שטיקל פיש און דערפילן דעם פעפער אויפן שפּיץ צונג...

דאָס איז געווען די ערשטע טעג סוכות. די אַנדערע טעג סוכות איז געווען נאָך ערגער. אַזוי אַז שמחת־תורה אויף דער נאַכט האָט דער פעטער איצי שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט אַריינגערופן די פערעיאַסלאַווער יתומים צו זיך און האָט זיי געזאָגט:

— קינדער, איר ווילט זען אַ שיינע זאַך? טאָ גייט זיך דורך אין קלויז אַריין, וועט איר עפּעס אָנקוקן...

לאַנג בעטן האָט מען זיי ניט באַדאַרפט, מע האָט זיך גענומען פאַר די הענט

און מע איז אַוועק. אין גאַס איז געווען חושך־פינצטער. אַלע ייִדן זײַנען געזעסן אין די הײַזער און האָבן געגעסן. אַלע שולן זײַנען שוין געווען געשלאָסן און שטאָק־פינצטער. נאָר אין דער אַלטער קלויז האָט זיך נאָך געלײַכט. שטיל האָבן חברה אויפגעעפנט אַ שטיקל טיר, אַרײַנגעקוקט און דערזען אַזעלכעס, וואָס זיי האָבן נישט געגלייבט זייערע אויגן. אין דער גאַנצער קלויז איז געווען מער ניט ווי איין מענטש — דער זיידע משה־יאָסי, אין אַ טלית, מיט רב יעקב עמדינס סדור אין איין האַנט און מיט אַ ספר־תורה אין דער אַנדערער האַנט. צוגעטוליעט די ספר־תורה צום האַרצן, איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום באַלעמער מיט פּאַוואָלידיקע טריט, גע־זאָגט אויף אַ קול, ווי אַ חזן, די הקפות: „עוזר דלים, הושיעה־נאָ!"...

אויף די קינדער איז אָנגעפאַלן אַ פּחד מיט אַ געלעכטער אינאיינעם, און זיי האָבן זיך גענומען ביי די הענט און זיך געלאָזט לויפן אין איין אָטעם צוריק אַהיים.

— נו? וואָס האָט איר געזען? איאָ אַ שיינס?...

מיט די ווערטער האָט זיי באַגעגנט דער פעטער איצי, און בעת־מעשה האָט ער געלאַכט, נאָר די אויגן האָבן געטרערט. און די קינדער האָבן געוואָרפן אַן אומחן, ניט אויפן זיידן — ניין, נאָר אויפן פעטער איצי...



דערפאַר אָבער האָט זיך אויף מאָרגן, שמחת־תורה, די דעקאָראַציע אין גאַנצן איבערגעביטן. דעם זיידן משה־יאָסי איז געווען ניט צו דערקענען. די קינדער גע־דענקען נאָך פון דער אַלטער היים, פון וואָראָנקאַ, וואָס פאַר אַ שמחה ס'איז געווען, אַז עס איז געקומען שמחת־תורה. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען שכור־לוט. פונעם רב ביזן פריסטאַוו, להבדיל, האָבן אַלע געטרונקען בראָנפן, געהוליעט, געטאַנצט און געמאַכט אַזעלכע אָנשטעלן, וואָס מע האָט באַדאַרפט שטאַרבן פאַר געלעכטער.

אויך אינעם האַלב־גויִשן פּערעיאַסלאַוו איז שמחת־תורה געווען שמחת־תורהדיק. אַפילו אַזאַ ייד, ווי דער פעטער פּיני, איז געווען שכור־לוט און געטאַנצט אַ קאַזאַק. מע האָט באַדאַרפט גיין אויף חידושים קוקן, ווי אַ ייד אַ חסיד מיט אַ לאַנגן טלית־קטן טאַנצט אַ קאַזאַק! פון דאַדי כהנאַוון שמועסט מען ניט. דאַדי, אַז ער האָט זיך אָנגעשיכורט, האָט ער געזידלט די גוטע פריינט, אויסגעוואָרפן זיי וואָס אין דער קאָרט, כלומרשט אין גוטן מוט, קושנדיק... מע האָט זיך אַריינגעריסן צו יענעם אין שטוב מיט־אַ גוט יום־טוב, אַרויסגעשלעפּט פון אויוון וואָס ס'איז געווען, פון קעלער אַרויסגעטראָגן די זויערע אוגערקעס, און בראָנפן האָט זיך געגאָסן אַזוי ווי וואַסער. נאָר וואָס פאַר אַ ווערט האָבן יענע אַלע שמחת־תורהס געהאַט אַקעגן דעם שמחת־תורה, וואָס די פּערעיאַסלאַווער יתומים האָבן בייגע־וווינט דאָ, אין דער ייִדישער שטאָט באָהסלאַוו? די הייזער, די גאַסן, די שטיינער פון די גאַסן — אַלעס, אַלעס האָט געזונגען, געפּליעסקעט, געטאַנצט און געפרייט זיך. נישט נאָר עלטערע יידן — יינגלעך זיינען געווען שיכור, געוואַלגערט זיך פון די פיס. מע דאַרף נישט מער ווי דער פעטער איצי, אַ ייד אַ שטילער, אַ וויל־דער בעל־מרה־שחורה, — איז ער אויך געווען בגילופין, פאַרלייגט די פאות אויף

יענער זייט אויערן, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און געגאַנגען אַ דייטש! נאָר דאָס אַלעס איז געווען אַ גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן אין יענעם טאָג דער זיידע משה־יאָסי. אויסגעטרונקען האָט ער בסך־הכל איין גלעזל בראָנפן מיט אַ האַלב גלעזל ווייך. נאָר שיכור איז ער געווען, ווי אַכציק שיכורים מיט אַמאָל קאָנען אַזוי ניט זיין שיכור, און אַרויסבאַוויזן אַזעלכע גבורות, אַז די גאַנצע שטאָט האָט מיט אים געקלונגען:

— וואָס זאָגט איר צו משה־יאָסי דעם האמארניקס!

— גייט, וועט איר זען, וואָס משה־יאָסי דעם האמארניקס טוט!

און משה־יאָסי דעם האמארניקס האָט נישט געטאָן גאָרנישט. ער איז אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן און געטאַנצט. און נאָך ווי אַזוי געטאַנצט! געטאַנצט און געשפּרונגען, געפּליעסקעט און געזונגען. און נישט אַליין האָט ער געטאַנצט, נאָר אינצווייען — מיט דער שכינה, מיט הקדוש ברוך הוא... צענומען אַ פאַטשיילע און זי געהאַלטן ביי איין עק — ביים אַנדערן עק האָט באַדאַרפט האַלטן די „שכינה" — און געדרייט זיך. ווי מע דרייט זיך מיט אַ כלה, געמאַכט פאַרשיידענע טריט: אַהין און צוריק, רעכטס און לינקס. און אַזוי כסדר, דעם קאָפּ פאַרריסן אַרויף, די אויגן געהאַלטן צו, אויפן פּנים אויסגעגאָסן אַ גליקלעך שמייכל, צוגעקנאַקט זיך מיט די פינגער, געהעפּעט און געזונגען אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער:

„משה שמח בשמחת תורה —<br>
לאַמטעדרידאַם, היי־דאַ!<br>
שישו ושמחו בשמחת תורה —<br>
לאַמטעדרידאַם, דאַם־דאַם־דאַם!<br>
היי־דאַ; דרי־דאַ־דאַ!<br>
תורת משה, האַ!..."

וואָס ווייטער איז דער עולם געוואָרן אַלץ גרעסער און ענגער. וויפל ייִנגלעך ס'איז געווען אין שטאָט זיינען זיי אַרויס אויף דער גאַס מקבל פּנים זיין משה־יאָסי דעם האמארניקס, זען, ווי ער טאַנצט און דרייט זיך, זינגט און פּליעסקעט. ייִנגלעך שקצים האָבן אים געמאַכט אַ הוראַ, געהאָלפן אים זינגען זיין שמחת־תורהדיקן ניגון. און די פנימער פון זיינע פּערעיאַסלאַווער אייניקלעך האָבן געפלאַמט־פאַר בושה. און ער, דער זיידע משה־יאָסי, זאָל דאָס אויף עמעצן אַפילו אַ קוק טון! ער טוט זיך זיינס: ער גייט מיט זיין געליבטער שכינה אַ פריילעכס. איין עק פאַטשיילע האַלט ער, דעם אַנדערן האַלט הקדוש ברוך הוא, און ער שמייכלט און קנאַקט מיט די פינגער, טאַנצט און העפּעט און זינגט שטאַרקער און שטאַרקער:

משה שמח בשמחת תורה —<br>
לאַמטעדרידאַם, היי־דאַ!<br>
שישו ושמחו בשמחת תורה —

לאַמטעדרידאַם, דאַם־דאַם־דאַם!
היי־דאַ־ דרי־דאַ־דאַ —
תורת משה האַ!...

* * *

## אַ מענה־לשון פון אַ שטיפמאַמע

אַ שטיפמאַמע. — קללות נאָכן אלף־בית. — דאָס ערשטע ווערק. — אַ לעקסיקאָן פון קללות.

—

וואָס האָבן זיך מענטשן אָנגעכאַפּט — „שטיפמאַמע"? ווערליק די קינדער האָבן זיך אָנגעהערט „שטיפמאַמע" און „שטיפמאַמע", האָבן זיי געמעגט מיינען, אַז אַ שטיפמאַמע איז טאַקע באמת מיט הערנער. אַז אויף יעדן טריט און יעדן שריט האָט מען זיי געסטראַשעט מיט דער שטיפמאַמע: „וואַרט אויס, שקצים, אָט וועט דער טאַטע אַרויספאָרן אויף דער וועלט און וועט אייך ברענגען אַ שטיפמאַמע, וועט איר וויסן, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן!"... וואָס דאַרפט איר מער — טאַמער וואַרעמט די זון ניט אַזוי פויגלדיק, זאָגט מען: „די זון וואַרעמט, ווי אַ שטיפמאַמע"... עס מוז דאָך עפּעס זיין אין דעם. אַ וועלט איז דען משוגע...

מיט אַמאָל איז דער טאַטע נעלם געוואָרן. ס'איז אַוועק אַ וואָך, און אַ וואָך, און נאָך אַ וואָך. ווו איז אַהינגעקומען דער טאַטע? מע זאָגט ניט! עלטערע רעדן צווישן זיך, נאָר שטילערהייט, די קינדער זאָלן ניט הערן, און מער אויפן ווונק... נאָר איין מאָל האָט אין חדר דער רבי זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט. ער האָט אַ פרעג געגעבן ביי די קינדער: „נישטאָ נאָך דער טאַטע פון באַרדיטשעוו?". צו דער דאָזיקער דיפּלאָמאַטישער פראַגע האָט די רביצין צוגעזעצט פון איר זייט נאָך מער דיפּלאָמאַטיש: „וואָס־זשע? אַזוי גרינג קומט עס אָן אַן אלמן אַראָפּצוברענגען אַ שטיפמאַמע פאַר די יתומים?"... וויסן מיר שוין, הייסט עס, אַז דער טאַטע איז אין באַרדיטשעוו און ער זוכט אַ שטיפמאַמע פאַר זיינע קינדער. וואָס זשע, פרעגט זיך, באַדאַרף מען זיך דאָ באַהאַלטן? וואָס איז דאָ דער סוד? והראיה: אַז ער האָט באַדאַרפט צו קומען אַהיים מיט דער סחורה פון באַרדיטשעוו, האָט ער פריער צוגעשיקט אַ „שטאַפעט", אַז גאָט האָט אים מזכה געווען מיט זיין גלייכן, וואָס איז אַ מציאה אין אַלע אופנים, הן אין יחוס, הן אין געלט, און אַז ער וועט אין גיכן, אם ירצה השם, קומען מיט דער מציאה, און ער בעט, מע זאָל איר ניט זאָגן אַזוי גיך וויפל קינדער ער האָט — צו וואָס זאָל זי דאָס וויסן מיט אַמאָל? מיט דער צייט וועט זי דאָס אַליין געוויער ווערן... סיי־ווי־סיי זיינען ניט אַלע קינדער חל אויף איר: די עלטערע זיינען דאָך עלטערע, און די צוויי מיידלעך — די זיינען דאָך ביי זייער באָבע. ער וואַשט זיך ניט אָפּ די הענט חלילה פון זיי. קינדער זיינען קינדער. נאָר ביי אָט אַזעלכע ביטערע אבסטאיאטעלסטוועס (אומשטענדן) איז געזינטער, אַז מע פאַרלייקנט עטלעכע קינדער אויף אַ קורצער

צייט... „יותר אין לחדש רק חיים ושלום. השם יתברך זאָל העלפן מע זאָל זיך זען אין גיכן בשלום, ממני..."

דער דאָזיקער בריוו וואָלט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק, ווען נים דער קנייטש מיט די קינדער... ערגער פון אַלע איז דאָס געווען פאַר די קינדער גופא. אמת, זיי האָבן געפילט, אַז דער טאַטע האָט זיי ליב, אַז זיי זיינען אים טייער איטלעכעס קינד באַזונדער, נאָר וואָס זיי זיינען אויף אַ ווילע געוואָרן אַ מין קאָנטראַבאַנדע־סחורה — דאָס האָט זיי אַ ביסל אַ פּאַרקע געגעבן און אַרויסגערופן מאָדנע מחשבות און געדאַנקען... אָבער נישט אויף לאַנג, וואָרום אָט איז מען געקומען צו זיי אין חדר אַריין און מע האָט זיי אָנגעזאָגט אַ בשורה: „דער טאַטע איז געקומען און געבראַכט צופירן פון באַרדיטשעוו אַ שטיפמאַמע"... „מזל־טוב — האָט זיך אַריינגעמישט די רביצין. — איר זאָלט דערלעבן אָנזאָגן בעסערע בשורות!"... און דער רבי האָט אָפּגעלאָזט די קינדער אַהיים פאַר דער צייט.

געקומען אַהיים, האָבן די קינדער געטראָפן די גאַנצע משפחה: דעם פעטער פיני מיט זיינע זין, די מומע חנה מיט אירע טעכטער, אַלע אַרום טיש. מע האָט געטרונקען טיי, כלומרשט געגעסן לעקאַך און איינגעמאַכטס און געוויכערט פאַפּיראָסן, און גערעדט פוסטע רייד, וואָס אַ וואָרט צו אַ וואָרט האָט זיך נים געקלעפּט. וואָרום קיינער האָט נישט געהערט וואָס דער אַנדערער זאָגט. יעדער איז געווען אַריינגעטאָן אין זיינע אייגענע געדאַנקען, און אַלע אינאיינעם האָבן געהאַלטן אין איין קוקן אויף דער שטיפמאַמע און איין באַטראַכטן און אָפּשאַצן די מציאה, וואָס דער טאַטע האָט איינגעהאַנדלט אין באַרדיטשעוו. און, דאַכט זיך, מע איז געווען צופרידן מיטן אָנקוק. אַ ייִדענע אַ בכבודיקע, נים קיין נאַרישע, און דער עיקר — אַ ליבלעכע, אַ צוגעלאָזטע, אַ גוטע, אַ מענטש אָן אַ גאַל! היינט וואָס פאַראַ „שטיפמאַמע?"...

ערשט העט־שפּעטער, אין אַ וואָך אַרום אָדער אין צוויי, האָט זיך די שטיפמאַמע אַרויסגעוויזן מיט איר היציקן טעמפּעראַמענט און קודם־כל אַרויס מיט איר שפּראַך, מיט איר אמת באַרדיטשעווער שטיפמאַמע־לשון, אַ שפּראַך אַ גלאַטע, אַ רייכע, אַ בלומענדיקע. אויף איטלעכס וואָרט אַ קללה, און צום גראַם, און דווקא אין אַ גוטן מוט. למשל: עסן — עסן זאָלן דיך ווערעם! טרינקען — טרינקען זאָלן דיך פּיאַווקעס! שרייען — שרייען זאָלסטו אויף די ציין! פאַרנייען — נייען זאָל מען איך תכריכים! גיין — גיין זאָלסטו אין דער ערד! שטיין — שטיין זאָלסטו פּראָווצעס! זיצן — זיצן זאָלט איר אין געהאַקטע ווונדן! ליגן — ליגן זאָלט איר אין דער ערד! רעדן — רעדן זאָלט איר פון היץ! שווייגן — אַנטשווייגן זאָלט איר ווערן אויף אייביק! זאָגן — געזאָגט זאָל אייך ווערן אַלדאָס בייז! האָבן — האָבן זאָלסטו מכות בכורות! ניט האָבן — ניט האָבן זאָלסטו קיין גוטס ווייל דו לעבסט! טראָגן — טראָגן זאָל דיך דער רוח אויף די פּלייצעס! אַריינטראָגן — אַריינטראָגן זאָל מען דיך אַ קראַנקן! אַרויסטראָגן — אַרויסטראָגן זאָל מען דיך אַ טויטן! אַרומטראָגן — אַרומטראָגן זאָל מען דיך אויף די הענט! אַוועקטראָגן — אַוועקטראָגן זאָל מען דיך אויפן בית־עולם! צי, אַ שטייגער, למשל, נעמט אַזאַ אומשולדיק וואָרט ווי שרייבן? איז שרייבן זאָל

מען דיר רעצעפּטן! פאַרשרייבן — פאַרשריבן זאָלסטו ווערן צום טויט! אָפּשרייבן — אָפּשרייבן זאָל מען דיך פון קדחת! אַריינשרייבן — אַ משוגענעם אויסמעקן און דיך אַריינשרייבן!... און אַמאָל, איז זי געווען אויפגעלייגט און אַ וואָרט האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו איר אין מויל אַריין האָט זיך עס געדרייט און געפלאָכטן און געגאָסן זיך און געצויגן זיך, ווי אַ גוטער בוימל, גאָר אַזוי אַן אָפּשטעל, און אין איין אָטעם, ווי ביי אַ גוטן חזן די עשרת בני המן: „ס'זאָל דיר אָנכאַפּן, רבונו־של־עולם, אַ שטעכעניש אָדער אַ ברעכעניש, אַ רייסעניש און אַ בייסעניש, אַ טריקעניש, אַ פאַרטריקעניש, אַן אויסטריקעניש, אַן איינטריקעניש, אַ דאַרעניש, אַ פאַרדאַרעניש, אַן איינדאַרעניש, אַ שרימפּעניש, אַן איינשרימפּעניש, ליבער גאָט! האַרציקער פאָטער, געטרייער!...

דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע איז זיך מודה, אַז אַ היפּש ביסל קללות און שלאָגווערטער אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק האָט ער גענאָסן פון דער שטיפמאַמע און פון איר מענה־לשון. נאָך גאָר־גאָר אין די יונגע יאָרן, ער האָט נאָך גאָרוועט אַמאָל זיין אַ שרייבער, האָט זיך אים, אַלס קוריאָז, פאַרוואָלט פאַרשרייבן אַלע קללות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון זיין שטיפמאַמע, צונויפזאַמלען זיי אינאייינעם, מאַכן אַ מין ווערטער־ביכל. האָט ער זיך ניט געפוילט, געזאַמלט און געזאַמלט, און אַז ער האָט זיי אָנגעזאַמלט אַ היפּש ביסל, האָט ער זיי גענומען סאָרטירן נאָכן אלף־בית, אָפּגעשוויצט אַ פּאָר גוטע נעכט און צונויפגעשטעלט אַ גאַנץ פיינעם לעקסיקאָן, על פי א״ב, וועלכער עס ווערט דאָ געגעבן גאָר אויפן זכרון:

א — אביון, אומגליק, אידיאָט, אייזל, איינגעגעסענע בריאה, אָפּגעריסענער נאַר, אשמדאי.

ב — באַלוואַן, באַדיונג, בטלן, בייטלשניידער, בלינדערהאַץ, ביידער, בעזעם, בעטלער, בערנטרייבער, בעל־עגלה, באַשעפעניש.

ג — גוי, גולם, גדלן, גזלן, גנב, געשליירטע האָנזי.

ד — דאַנאָשטשיק, דבר־אחר, דלות, דערקאַטש.

ה — האַלענדראַנציס, האַצמאַך, האַצעקלאַץ, הולטיי, הינטשלעגער, הינקעדיקער שניידער, המן, הפקר־יונג.

ו — וואַנץ, וויסטע קאַליקע, וועוועריק, ווערעמיקער, וצדקתך.

ז — זאַיקע, זאַק פּאַלאווע, זויערע קיסליצע, זומער־פייגל, זויפער, זיצפלייש.

ח — חאַליפּוסניק, חאַפּער, חוזק, חזיר, חיים־יאַנקל, חכם בלילה, חליר׳ע.

ט — טאָטער, טאָרבע, טויגעניכטס, טפּש, טערקישער פעפער, טריפה קישקע.

י — יאַטקע־הונט, יונגאַטש, יורקע, ימח־שמוניק, ים־קאָטער.

כ — כזבן, כל־בוניק, כלב שבכלבים.

ל — לאָבוס, לאַבאַזניק, לא־יוצלח, לאַמטערנשיסער, ליגנער, ליידיקגייער, למד־וואָפניק.

מ — מאַלפּע, מאַמעטליוועוע בחור, מאַנדריש, מגיד, מלמד, משומד.

נ — נאַרישער פּנים, נאַפּודעלע, נאַשער, נודניק, נכפּהניק.

ס — סאַוועלע, סוואָלעטש, סווישטשון, סמאַרקאַטש.

ע — עזות־פנים, עני ואביון, עפוש, עקדיש, עקשן.

פּ — פּאַסקודניאַק, פּאַציערע, פּאַרטאַטש, פּאַרך, פּוסטעפּאַסניק, פּופּיק, פּיפּער־נאָטערפּ פּלעצל, פּענטעלעלע, פּעמפּיק, פּרא־אדם, פּריטשעפּע.

פ — פאַנפאַטש, פאַלשער מענטש, פוילאַק, פייפער, פליאַסקעדריגע, פאַקן, פלאַקנשיסער, פערדאַטש, פאַרשלעפּטע קרענק, פרעסער.

צ — צבועק, צדיק אין פעלץ, צורה מלוכה, צלם־קאָפּ, צעבראָכענער שאַרבן, צרעת.

ק — קאַטאַרזשניק, קאָכלעפל, קאַליקע, קאַרטאָפלשליגער, קאָרטנשפּילער קאַפּעלישמאַכער, קבצן, קוימענקערער, קישקע אָן אַ דנאָ, קלעק, קריכער, קשקשת.

ר — רויטער, רוצח, רכילותניק, רעטעך, רשע מרושע.

ש — שאַרלאַטאַן, שבת־גוי, שוטה בן פּיקהאָלץ, שוסטער, שייגעץ, שליאַ־טענטש, שיקסע, שלאַנג, שלים־מזל, שמאַטע, שמד־קאָפּ, שמינדער־בגעץ, שמענדריק, שנויץ מיט ברויט, שקראַב.

ת — תרח...

דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, דאָס ערשטע ווערק, וואָס דער קומענדיקער שלום־עליכם האָט פאַרפאַסט, און אַ נאָמען געגעבן האָט ער עס „אַ מענה׳ לשון פון אַ שטיפמאַמע“... מיט דעם ווערק האָט זיך געטראָפן אַ מעשה, וואָס האָט זיך גע־קאָנט ענדיקן מיט גאָר אַ מיאוסער קאַטאַסטראָפע.

מחמת עס האָט געמוזט זיין אויסגעשטעלט שטרענג נאָכן אלף־בית, האָט דער פאַרפאַסער שטאַרק געשוויצט, עטלעכע מאָל איבערגעשריבן דעם ווערטערבוך. האָט דער טאַטע אַפּנים באַמערקט, אַז דער חברה מאַן אַרבעט עפּעס זייער געשמאַק. איז ער אונטערגעגאַנגען איין מאָל ביינאַכט פון הינטן, אַריינגעקוקט אינעווייניק און אַ נעם געגעבן צו זיך דעם כתב־יד און איבערגעלייענט פון א׳ ביז ת׳. און לאָ־די, וואָס ער האָט עס אַליין געלייענט, האָט ער עס נאָך דורכגעלייענט פאַר דער שטיפ־מאַמע. און עס איז געשען אַ נס: ס׳איז שווער צו וויסן, צי ווייל ס׳איז גראָד געווען אין אַ גוטער מינוט, ווען זי איז געווען אויפגעלייגט, צי ווייל זי האָט זיך געשעמט צו זיין אין כעס, — נאָר ס׳איז אָנגעפאַלן אויף איר אַ מאָדנער בייזער געלעכטער. יענע האָט אַזוי געלאַכט, אַז זיך געקוויטשעט. מע האָט געמיינט, אַז זי וועט דעם שלאַק באַקומען! מער פון אַלץ זיינען איר געפעלן די ווערטער „פּופּיק“ און „קשקשת“. „פּופּיק“ האָט ביי איר געהייסן טאַקע דער העלד פון דער דאָזיקער באַשרייבונג. און „קשקשת“ (קאַשקעט) — מיט דעם נאָמען האָט זי געקרוינט אַן עלטערן בחורל דערפאַר, וואָס ער האָט געטראָגן אַ נייעם קאַשקעט.

נו, גייט זייט אַ נביא, אַז ס׳וועט זיך ענדיקן גאָר מיט אַ געלעכטער! אַוודאי האָט דער מחבר פונעם לעקסיקאָן ביי זיך אין האַרצן געבענטשט גומל, וואָס ס׳האָט זיך אַזוי גוט אויסגעלאָזט.

# טביה דער מילכיקער

## לך־לך

— אַ שיינער, אַ גוטער, אַ ברייטער שלום־עליכם אויף אייך, פּאַני שלום־עליכם! עליכם ועל בניכם! איך קוק שוין אויף אייך לאַנג אַרויס, ס'האָט זיך אָנגעקליבן ביי מיר אַ היפּש ביסל סחורה פאַר אייך. איך פרעג מיך אַלץ נאָך: איכה — פאַר וואָס זעט מען אייך ניט? זאָגט מען מיר, אַז איר פאָרט אַרום דאָרט איבער דער וועלט, אין די ווייטע לענדער ערגעץ, ווי מיר זאָגן אין דער מגילה: שבע ועשרים ומאה מדינה... נאָר מיר דאַכט, אַז איר קוקט אויף מיר עפּעס מאָדנע? אַפּנים, איר קווענקלט זיך און טראַכט בשעת־מעשה: ס'איז ער, צי ניט ער? ס'איז ער, פּאַני שלום־עליכם! ס'איז ער, אייער אַלטער פריינד טביה, בכבודו ובעצמו, טביה דער מילכיקער. דער אייגענער טביה, נאָר אויס מילכיקער, גלאַט אַ ייד, אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, אַ ייד אַ זקן, ווי איר זעט, כאָטש אַפילו אין יאָרן גאָר ניט אַזוי אַלט... ווי מיר זאָגן אין דער הגדה: הרי אני כבן שבעים — נאָך גאַנץ ווייט צו זיבעציק! אַי, וואָס עפּעס אַזוי וויים די האָר? גלויבט מיר, נישט פאַר תענוג, ליבער פריינד. אַ ביסל אייגענע צרות, ניט צו פאַרזינדיקן. און אַ ביסל פונעם כלל ישראל — אַ שלעכטע צייט! אַ ביטער שטיקל צייט אויף ייִדן!... נאָר איך וויים, וואָס אייך קוועטשט. אייך קוועטשט אַן אַנדער זאַך: איר האָט זיך דערמאָנט מסתמא, אַז מיר האָבן זיך אַמאָל געזעגנט אָפּגעזעגנט, איידער איך האָב באַדאַרפט אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל. על־כן רעכנט איר אַודאי, אַז דאָס זעט איר שוין טביהן צוריק־וועגס, פון ארץ־ישראל הייסט עס, און איר גאַרט שוין מסתמא האָרכן עפּעס נייעס, אָפּנעמען אַ גרוס פון דער מוטער רחלס קבר און פון דער מערת־המכפלה און נאָך אַזעלכע זאַכן? באַדאַרף מען אייך באַרויקן, אויב איר האָט צייט און ווילט האָרכן חידושים, אָבער טאַקע האָרכן מיט קאָפּ, ווי אין פּסוק שטייט: שמעני, — וועט איר שוין דעמאָלט אַליין זאָגן, אַז אַ מענטש איז אַ בהמה, און אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט און ער פירט די וועלט.

בקיצור, וואָס פאַר אַ סדרה גייט ביי אייך איצטער? ויקרא? ביי מיר גייט אַן אַנדער סדרה; די סדרה לך־לך. לך־לך — האָט מען מיר געזאָגט — דו זאָלסט

אַרויסגיין, טביה, מארצך — פון דיין לאַנד, וממולדתך — און פון דיין דאָרף, ווו דו ביסט געבוירן און אָפּגעלעבט אַלע דיינע יאָרן, אל הארץ אשר אראך — וווהין די אויגן וועלן דיך טראָגן!... און ווען חערמאָנט מען זיך צו זאָגן טביהן דעם דאָזיקן פסוק? אַקוראַט דעמאָלט, ווען ער איז שוין אַלט או שוואַך און עלנט, ווי מיר זאָגן ראש־השנה אין די תפילות: אל תשליכנו לעת זקנה!... גאָר איך כאַפּ איינס פאַרן אַנדערן, שיר פאַרגעסן, אַז מיר האַלטן נאָך גאָר פון פאָרנט און אַז איך האָב איך נאָך ניט דערציילט, וואָס אין ארץ־ישראל הערט זיך. וואָס זאָל זיך דאָרטן הערן, ליבער פריינד? אַ לאַנד — אויף אונדז בײדן אַזאַ יאָר! ארץ זבת חלב ודבש — שטייט נאָך אין דער תורה געשריבן! איין חסרון נאָר, וואָס ארץ־ישראל איז אין ארץ־ישראל, און איך בין, ווי איר זעט אָטאָ, נאָך דערווייל אין חוץ־לארץ... אויף טביהן, הערט איר, איז, אַפּנים, געזאָגט געוואָרן דער פסוק פון דער מגילה: כאשר אבדתי אבדתי — געווען אַ שלים־מזל און אַ שלים־מזל וועל איך שוין שטאַרבן. דאַכט זיך, אָט־אָט, שוין געשטאַנען כמעט מיט איין פוס אויף יענער זייט, אינעם הייליקן לאַנד, הייסט עס, געבליבן נאָר נעמען אַ בילעט, זיך אויפזעצן אויפן שיף און — פּאַשאָל. וואָס־זשע טוט גאָט? איז זיך מיישב, וועט איר הערן אַ שיינס, מיין עלטערער איידעם, מאָטל קאַמזויל, דער חייט־פון אַנאַטעווקע, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, לייגט זיך אַוועק אַ געזונטער, אַ שטאַרקער, און מאַכט אַ שטאַרב! דאָס הייסט, קיין גרויסער גבר איז ער ניט געווען קיינמאָל. משטיינס געזאָגט, אַ בעל־מלאכה, געזעסן יומם ולילה על התורה ועל העבודה — אויף דער נאָדל מיטן פאָדעם און געשטשאָבעט, מחילה, תחתונים. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט באַקומען דאָס טרוקענע, אָנגעהויבן קאַכיקען, געקאַכיקעט און געקאַכיקעט, ביז ער האָט אויסגעשפּיגן דאָס לעצטע ביסל לונג, — עס האָט נישט געהאָלפן שוין נישט קיין דאָקטער, ניט קיין טאָטער, ניט קיין ציגנמילך, ניט קיין טשעקאָלאַדע מיט האָניק. אַ ווילער יונגאַטש געווען, אַפּילו אַ פּראָסטער, נישט קיין בן־תורה, נאָר אַן ערלעכער, אָן חכמות, ליב געהאַט מיין טאָכטער — דאָס חיות! און מפקיר געווען זיך פאַר די קינדער, און פאַר מיר — געווען גאָר די כפרה!

בקיצור, אָפּגעזאָגט דעם פסוק: וימת משה — געשטאָרבן מאָטל, האָט ער איבערגעלאָזט מיר אַ רעכטע באָמבע; ווו האָב איך שוין געקאָנט אַפּילו אין זינען האָבן דעמאָלט ארץ־ישראל? איך האָב שוין געהאַט אַ גוטן ארץ־ישראל ביי זיך אין דער היים! ווי אַזוי לאָזט מען איבער, איך פרעג אייך אַליין, אַ טאָכטער אַן אַלמנה מיט פיצלעך קינדער יתומים אָן אַ שטיקל ברויט? כאָטש אַפּילו אין פלוג, אַז מע וויל צוריק, וואָס קאָן איך איר העלפן — אַ לעכערדיקן זאַק? איך וועל דאָך איר דעם מאַן אירן צוריק ניט לעבעדיק מאַכן, און אירע קינדער דעם טאַטן פון יענער וועלט ניט אומקערן, און אַליין איז מען דאָך אויך ניט מער ווי אַ זינדיקער מענטש, אויף דער עלטער ווילט זיך אַ ביסל אויסרוען די ביינער, פילן, אַז מען איז אַ מענטש, ניט קיין סקאָט. גענוג געטאַרעראַמט! גענוג געעולם־הזה'ועט! מע באַדאַרף שוין אַ ביסל אַ טראַכט געבן פון יענער וועלט אויך, שוין צייט! ובפרט, אַז איך האָב שוין געמאַכט אַ תל פון מיין ביסל האָדאָבע: דעם סוס, ווי איר ווייסט,

לאַנג געגעבן דעם וועג, די בהמהלעך אויסגעפּאַרקויפט עד לפ״ק, געבליבן נאָר א פּאָר ביקלעך, וואָס סע קאָן אַמאָל ווערן פון זיי לייט, אַז מע זאָל זיי גוט האָדע־ווען, — און פּלוצים גיי ווער אויף די עלטערע יאָרן אַן אָבי יתומים, א טאַטע פון קליינע קינדער! זייט איר שוין פּאַרטיק? האָט צייט! די רעכטע גערדיכטע גייט ערשט ווייטער, וואָרם ביי טביהן, אַז עס טרעפט זיך אַ צרה, ווייסט איר דאָך שוין, אַז סע שלעפּט זיך נאָך פון הינטן נאָך אַ צרה. אַ שטייגער, אַז ס׳האָט זיך אַמאָל גע־מאַכט אַן אומגליק — ס׳איז געפאַלן ביי מיר אַ בהמהלע, האָט זיך באַלד פּאַווטירנע, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַוועקגעלייגט נאָך אַ בהמה... אַזוי האָט שוין גאָט באַשאַפן זיין וועלטל, און אַזוי וועט דאָס שוין בלייבן — אַ פאַרפאַלענע זאַך!

בקיצור המעשה, מיט מיין מיזינקע, מיט מייןביילקען הייסט עס, געדענקט איר דאָך די געשיכטע מיטן גרויסן געווינס, וואָס זי האָט געמאַכט, געפּאַקט אַ העכט, אַ פדהצור, אַ קנאַקער, אַ פּאָדראַטשיק פון דער מלחמה, וואָס האָט געבראַכט צו פירן קיין יעהופּעץ פולע זעק און האָט זיך פאַרקאַכט אין מיין טאָכטער, געוואָלט אַ שיינע, געשיקט צו מיר אפרים דעם שדכן, ימח שמו, אויסגעשלאָגן אַ קני ערד, שיר דעם שלאַק באַקומען, געגומען זי, ווי זי שטייט און גייט, אָפּגעשיט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט מתנות, דימענטן און בארילייאַנטן — דאַכט זיך, אַזאַ גליק, איאָ? נו, האָט זיך פון דעם גאַנצן גליק אויסגעלאָזט מסתמא אַ טייך, און נאָך וואָס פאַר אַ טייך! אַ טייך מיט בלאָטע, דער אויבערשטער זאָל שומר ומציל זיין! וואָרום אַז גאָט הייסט, דאָס רעדל זאָל זיך געבן אַ דריי איבער צוריק, איז מיט דער פּוטער אַראָפּ, ווי מיר זאָגן אין הלל: אָט, דאַכט זיך, נאָר וואָס איז געווען מקימי מעפר דל, און איידער מע קוקט זיך אַרום, איז שוין טראַך: המשפילי לראות בשמים ובארץ — אין דער ערד מיט די פּאָסטאַראַנקעס... גאָט האָט ליב שפּילן זיך מיט אַ מענטשן. אוי, האָט ער ליב שפּילן זיך! אַזוי האָט ער זיך געשפּילט מיט טביהן וויפל מאָל. עולים ויורדים — אַרויף און אַראָפּ! און אַזוי איז געווען אויך מיט מיין פּאָדראַטשיק, מיט פדהצורן.

איר געדענקט דאָך מסתמא דאָס גרויסקייט זיינס מיטן הויז, מיט די דרייצן דינסטן, מיט די שפּיגלען, און מיט די זייגערס, און מיט די צאַצקעס אין יעהופּעץ פּי — פּו — פּאַ! געדענקט איר, איך האָב אייך דערציילט, דאַכט זיך, ווי אַזוי איך האָב צוגערעדט דעמאָלט מיין ביילקען, געבעטן זיך ביי איר, זי זאָל זען, אַז ער זאָל איר אַוועקקויפן דאָס הויז, און למען־השם אויף איר נאָמען. נו, האָט מען דאָך מיר מסתמא געהערט, ווי המן דעם גראַגער — וואָס פאַרשטייט אַ טאַטע? אַ טאַטע פאַרשטייט גאָרנישט! וואָס זשע, מיינט איר, איז געווען דער סוף? דער סוף איז געווען — ווו איר האָט ערגעץ אַ שונא: אַ חוץ וואָס ער האָט זיך פונעם גאַנצן טראָסק געשטעלט, געבליבן דערגאָנטער, אויסגעפּאַרקויפט אַלע שפּיג־לען מיט אַלע זייגערס, מיטן ווייבס דימענטן און בארילייאַנטן, האָט ער זיך נאָך פאַרשמירט מיט סכנת־נפשות, געמוזט ווערן אַ בורח, ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, און מאַכן אַן אָפּטריט און אַוועקפאָרן אַהין, ווו דער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק — קיין אַמעריקע הייסט עס. אַהינצו־צו פאָרן דאָך אַלע שווערע הערצער, זיינען

זיי אויך געפֿאָרן אַהינצו־צו, די ערשטע צייט גוט פֿאַרשוואַרצט געוואָרן, דאָס ביסל מזומנס, וויפֿל ס׳איז געווען, האָט מען אויפֿגעגעסן, און אַז ס׳איז ניט געווען מער וואָס צו קייען, האָט מען נעבעך געמוזט נעמען זיך צו דער אַרבעט. געטאָן כל עבודת־פּרך, ווי די ייִדן אין מצרים, בײַדע, אי ער אי זי! איצט שרייבט זי, אַז ס׳איז שוין, ברוך השם, נישקשהדיק: זיי אַרבעטן זאָקן אויף אַ מאַשין און מאַכן אַ לעבאַכטס... אַזוי רעדט זיך עס דאָרטן, אין אַמעריקע. אויף אונדזער לשון וועט עס הייסן: דאָס שטיקל ברויט שלעפּט זיך... דאָס גאַנצע שטיקל גליק, וואָס זיי זײַנען מער ניט ווי צוויי מענטשן, שרייבט זי, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד, — גם זו



שלום עליכם און בעל מחשבות (1905)

לטובה! נו, פֿרעג איך אײַך, זאָל ניט אַ רוח אין זײַן פֿעטערס מומע אַרײַן געפֿלויגן געוואָרן?... איך מיין טאָקע אפֿרים דעם שדכן מיין איך, פֿאַרן שיינעם שידוך, וואָס ער האָט מיר נאַראַיעט, און פֿאַר דער בלאָטע, וואָס ער האָט מיך אַרײַנגעפֿירט! וואָס וואָלט איר געווען אַזוי ביטער, למשל, זי זאָל געווען חתונה האָבן פֿאַר אַ בעל־מלאכה, ווי צייטל, אָדער פֿאַר אַ לערער, ווי האָדל? אַי, די האָבן אויך ניט געמאַכט אַזאַ גליק? איינע איז אַ יונגע אַלמנה און די אַנדערע איז אין אַלדי גוטע יאָר פֿאַרשיקט אויף אַ פּאָסעליעניע? איז דאָך עס אַ גאָט־זאַך — וואָס קאָן אַ מענטש פֿאַרזאָרגן?...

הערט איר, אַ חכמה אַ ייִדענע איז געווען טאָקע מיינע, גאָלדע עליו

השלום, דערמיט אַליין שוין, וואָס זי האָט זיך באַצייטנס אַרומגעקוקט, אָפּגעזעגנט זיך מיט דער נאַרישער וועלט און הלך לעולמו. וואָרום, זאָגט שוין איר אַליין, אײדער האָבן אַזאַ צער־גדול־בנים פון טעכטער, ווי טביה האָט, איז ניט גלייכער טויזנט מאָל ליגן אין דער ערד און באַקן בייגל?... נאָר ווי שטייט דאָרטן אין פּרק: בעל־כרחך אַתּה חי — אַ מענטש נעמט זיך ניט אַליין, און אַז מען נעמט, גיט מען איבער די הענט, זאָגט איר... הערווײַלע האָבן מיר זיך אַראָפּגעשלאָגן פונעם שליאַך, איז דעריבער נחזור לענינו הראשון — לאָמיר איבערלאָזן, ווי איר זאָגט אין אייער ביכלעך, דעם בן־מלך און זיך אומקערן צו דער בת־מלכה. ווו־זשע, הייסט דאָס, האַלטן מיר? ביי דער סדרה לך־לך. נאָר אײדער מיר וועלן צוקומען צו דער סדרה לך־לך, וועל איך אײַך בעטן זיך מטריח זיין מיט מיר אָפּשטעלן זיך אויף אַ ווײַלע ביי דער סדרה בלק. דער מנהג העולם איז אַפילו פון זינט די וועלט שטייט, אַז פריִער לערנט מען לך־לך, דערנאָך בלק, מיט מיר האָט מען אָבער, פאַרקערט, פריִער געלערנט בלק, דערנאָך לך־לך. און געלערנט האָט מען מיט מיר בלק אַזוי שיין, אַז איר מעגט עס האָרכן. עס קאָן אײַך אַמאָל צונוץ קומען.

בקיצור, דאָס איז געווען שוין לאַנג, באַלד נאָך דער מלחמה איז דאָס געווען, אין דער סאַמע היץ פון קאָנסטיטוציעס, בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „ישועות ונחמות" אויף ייִדן, פריִער אין די גרויסע שטעט, דערנאָך אין די קלײנע שטעטלעך, נאָר צו מיר איז דאָס ניט דערגאַנגען, און עס האָט ניט געקאָנט דערגייך בשום אופן. פאַר וואָס? פשוט! מע זיצט אָפּ אַזאַ צייט צווישן גוייִם, מיט סאַמע עשון, — איז מען אויסגעבונדן מיט אַלע בעלי־בתים פון דאָרף, ידיד נפש אב הרחמן — „באַטיושקאַ טעוועל" איז ביי זיי דאָס אויבערשטע פונעם שטויסל! וואָס איז שייך? אַן עצה — איז „יאַק טעוועל סקאַזשע". אַ רפואה צו קדחת — איז „דאַ טעוועליאַ". אַ גמילת־חסד — אויך ביי טביהן. נו, האָב איך עפּעס באַדאַרפט אין זינען האָבן אַזעלכע זאַכן, פאַגראָמען, נאַרישקייטן, אַז די גוייִם אַליין האָבן מיר געזאָגט וויפל מאָל, אַז איך זאָל כלל וכלל קיין מורא ניט האָבן — זיי וועלן ניט דערלאָזן!... און כך הוה — וועט איר הערן אַ שיינס.

בקיצור, איך קום צו פאָרן איינמאָל אַהיים פון בויבעריק — איך בין נאָך דעמאָלט געווען בגדלותי — אין די פעדערן, ווי זאָגט איר, נאָך געהאַנדלט מיט מילכיקס, קעז און פוטער און שאר ירקות; אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל, אונטערגעוואָרפן דעם היי און האָבער, נישט צייט געהאַט אַפילו זיך וואַשן צום עסן, איך טו אַ קוק — אַ פולער הויף מיט גוייִם, די גאַנצע הראָמאַדע, אַלע פיינסטע בעלי־בתים, פונעם סטאַראָסטע איוואַן פּאָפּערילע ביז דעם לעצטן גוי, טראַכים דער טשערעדניק, און אַלע זעען זיי מיר אויס עפּעס מאָדנע, יום־טובדיק!... האָט מיר אַפילו תחילת געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן: וואָס פאַר אַ יום־טוב אין מיטן דרייזן? צי איז מען ניט געקומען מיט מיר לערנען בלק?... נאָר צוריק טראַכט איך מיר: פע, טביה! מעגסט זיך שעמען פאַר זיך אַליין! כל ימיו זיצטו אין ייִד, להבדיל, צווישן אַזוי פיל גוייִם בשלום ובשלוה, און מע האָט דיך ניט אָנגערירט, איר זאָלט זאָגן, אויף אַ האָר!... און איך נעם און גיי אַרויס צו זיי מיט אַ ברייטן

שלום־עליכם: „ברוכים הבאים", זאָג איך צו זיי, וואָס טוט איר דאָ, מיינע ליבע בעלי־בתים? און וואָס ווערט־איר עפּעס זאָגן גוטס? און וואָס ווערט איר דערציילן נייעס?"... טרעט אַרויס דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאָפּערילע הייסט עס, און רופט זיך אָן צו מיר גאַנץ אָפּגעלעך און גאָר אָן שום הקדמות: „מיר זיינען געקומען, זאָגט ער, צו דיר, טעוועל, מיר ווילן דיך שלאָגן". וואָס זאָגט איר אויף דער שפּראַך? דאָס ווערט ביי אונדז אָנגערופן „לשון סגי־נהור" — גערעדט פאַרשטעלט הייסט עס... מילא, ווי אַזוי מיר איז געוואָרן אויפן האַרצן — קאָנט איר איך משער זיין. נאָר אַרויסבאַוויזן — פע! אַדרבה ואדרבה! טביה איז ניט קיין יונגעלע... רוף איך מיך אָן צו זיי גאַנץ לעבעדיק: „מזל־טוב אייך, זאָג איך, נאָר וואָס האָט איר זיך, קינדער, אַזוי שפּעט דערמאָנט? אין אַנדערע ערטער, זאָג איך, האָט מען שוין פון דעם כמעט פאַרגעסן!"... רופט זיך אָן צו מיר איוואַן פּאָפּערילע, דער סטאַראָסטע הייסט עס, שוין דווקא גאַנץ ערנסט: „פאַרשטייסטו מיך, טעוועל, זאָגט ער, מיר האָבן זיך, זאָגט ער, אַלץ געיעשובט, צי מיר זאָלן דיך שלאָגן, צי ניט שלאָגן? אומעטום אין אַלע ערטער, שלאָגט מען אייך, פאַר וואָס, זאָגט ער, זאָל מען דיך דורכלאָזן?... איז געבליבן ביי דער הראָמאַדע, זאָגט ער, אַז מיר זאָלן דיך שלאָגן... נאָר וואָס דען, מיר וויסן נאָך אַליין ניט, וואָס מיר זאָלן מיט דיר טון, טעוועל: צי מיר זאָלן דיר נאָר אויסהאַקן די שויבן, זאָגט ער, און צעטרעטן די פּערינעס מיט די קישעלעך און אַרויסלאָזן די פעדערן, צי מיר זאָלן דיר פאַרברענען, זאָגט ער, די כאַטע מיט דער שטאַל, מיט דער גאַנצער כאדאבע דיינער"...

דאָ איז מיר שוין געוואָרן גוט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, און איך באַטראַכט מיינע לייט, ווי מען שטייט אָנגעליינט אויף די לאַנגע שטעקנס און מע שושקעט זיך מיר עפּעס שטילערהייט. משמעות הייסט עס, אַז ס'איז ביי זיי גאָר קיין קאַטאָוועס נישט? וויבאַלד אַזוי, טראַכט איך מיר, איז דאָך, ווי מיר זאָגן אין תהלים: באו מים עד נפש — ביסט דאָך טאַקע, טביה, אין דער אַרבעט! וואָרום טאָמער אל תפתח פה לשטן — אַ קשיא אויף כרוקעלע? ע, טביה! קלער איך מיר, מיטן מלאך־המות טאָר מען זיך ניט שפּילן — מע באַדאַרף זיי עפּעס זאָגן!"... און וואָס זאָל איך אייך לאַנג מאַריך בדרוש זיין, ליבער פריינד, עס איז באַשערט געווען, אַפנים, אַ נס, האָט מיר דער אויבערשטער אַריינגעגעבן אין זין, איך זאָל ביי זיך ניט אַראָפּפאַלן, און איך נעם מיך אָן מיט האַרץ און רוף מיך אָן צו זיי, צו די גויים, הייסט עס, דווקא אין גוטן מוט: „שמעו־נאָ, רבותים, זאָג איך, הערט־זשע אויס, זאָג איך, מיינע ליבע בעלי־בתים, וויבאַלד זאָג איך, אַז הראָמאַדע האָט זיך גע־פּסקנט, איז דאָך ניט שייך, זאָג איך, מסתמא ווייסט איר, זאָג איך, בעסער, אַז טביה האָט ביי אייך פאַרדינט, איר זאָלט מאַכן אַ תל, זאָג איך, פון זיין כאדאבע און פון זיין גאַנץ פאַרמעגן... נאָר וואָס דען, זאָג איך, דאָס ווייסט איר, זאָג איך, אַז ס'איז פאַראַן נאָך העכערס פאַר אייער הראָמאַדע? איר ווייסט, זאָג איך, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט? איך זאָג ניט, זאָג איך, מיין גאָט, אייער גאָט — איך שמועס פון יענעם גאָט, זאָג איך, פון אונדזער אַלעמענס גאָט, וואָס זיצט, זאָג איך, אָט דאָרטן אויבן און זעט צו אַלע פּאַדלאַסטן, זאָג איך, וואָס טוען זיך

אָפּ אָט דאָ אונטן... עס קאָן זיין, זאָג איך, אַז ער אַליין האָט מיר אָנגעצייכנט, אַז איך זאָל געשטראָפט ווערן אומזיסט־אומנישט דורך אייך, דורך מיינע בעסטע גוטע פריינד, און עס קאָן זיין ווידער, זאָג איך, אַקוראַט פאַרקערט, אַז ער וויל, אַדרבה, בשום אופן ואופן ניט, אַז מע זאָל טביהן טון שלעכטס... ווער־זשע, זאָג איך, קאָן דאָס וויסן, וואָס גאָט ווילז אַדרבה, זאָג איך, אפשר געפינט זיך דאָ צווישן אייך איינער, וואָס וועט זיך אונטערנעמען, זאָג איך, דערגיין דאָ אַ טאָלק?"...

בקיצור, זיי האָבן, אַפּנים, געזען, אַז מיט טביהן וועלן זיי זיך ניט אויסטענהן, רופט זיך אָן צו מיר דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאָפּערילע הייסט עס, בזה הלשון: „די מעשה, זאָגט ער, דערפון איז אַזוי. מיר האָבן צו דיר, טעוועל, אייגנטלעך, גאָרנישט ניט. דו ביסט, זאָגט ער, טאַקע אַ זשיד, נאָר ניט קיין שלעכטער מענטש. נאָר איינס צום אַנדערן, זאָגט ער, געהער זיך ניט אָן — שלאָגן דאַרף מען דיך; הראָמאַדע האָט אַזוי געפּסקנט — פאַרפאַלן! מיר וועלן דיר, זאָגט ער, כאָטש אויס־האַקן די פענצטער, דאָס, זאָגט ער, מוזן מיר, ווייל טאָמער, זאָגט ער, פאָרט עמעצער דורך, טאָ לאָז מען, זאָגט ער, זען, אַז מע האָט דיך געשלאָגן, אַניט, זאָגט ער, וועט מען אונדז נאָך שטראַפירן"... אָט מיט די ווערטער און מיט דעם לשון ווי איך דערצייל אייך, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן בכל אשר אפנה! נו, איצט פרעג איך אייך, פאַני שלום־עליכם, איר זייט דאָך עפּעס אַ ייִד וואָס קאָטאָרי איר פאָרט אויס די וועלט — איז שוין טביה גערעכט, וואָס ער זאָגט אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט?...

האָב איך אייך, הייסט עס, שוין געפּטרט די סדרה בלק. אַצינד וועלן מיר זיך אומקערן צו דער סדרה לך־לך. די דאָזיקע סדרה האָט מען מיט מיר געלערנט אָט־דאָ ערשט נישט לאַנג, און טאַקע אויף דער רעכטער אמת. דאָ האָט שוין ניט געהאָלפן, פאַרשטייט איר מיך, קיין שום דרשות מיט קיין שום מוסר זאָגן, ומעשה שהיה כך היה — מע דאַרף עס אייך איבערגעבן אַקוראַט, מיט אַלע פּיטשעווקעס, כאשר אַהבתי — אַזוי ווי איר האָט ליב.

ויהי בימי מענדל בייליס — דאָס איז געווען אַקוראַט אין יענער צייט, ווען מענדל בייליס, אונדזער כפרה־הינדל, איז אָפּגעקומען חבוט־הקבר, געלייטערט די נשמה פאַר פרעמדע זינד, און די וועלט איז געגאַנגען כאָדאָראָם, — זיץ איך מיר אַזוי איינמאָל אויף דער פריזבע ביי מיין שטוב פאַרטיפט אין מחשבות. זומער־לעבן. די זון באַקט, און דער קאָפּ טראָגט: „סטייטש, סטייטש, היתכן! היינטיקע צייטן! אַזאַ קלוגע וועלט! אַזעלכע גרויסע מענטשן! און ווו איז גאָט? דער אַלטער ייִדישער גאָט? וואָס שווייגט ער? ווי דערלאָזט ער אַזאַ זאַך סטייטש און סטייטש און ווידער אַמאָל סטייטש!". און טראַכטנדיק אַזוי פון גאָט, פאַרטיפט מען זיך שוין אַגב אין הימל־זאַכן און מע פאַלט אַריין אין חקירה: וואָס איז די וועלט? און וואָס איז יענע וועלט? און פאַרוואָס זאָל ניט קומען משיחז". אַי, טראַכט איך מיר, וואָלט ער געטאָן ווי אַ חכם, טאַקע משיח מיין איך, ווען ער כאַפּט זיך אַראָפּ צו אונדז אַצינדערט רייטנדיק אויף זיין ווייס פערדל! דאָט וואָלט געווען אַ שיינע זאַך! ער איז נאָך קיינמאָל, דאַכט זיך, אַזוי נויטיק ניט געווען פאַר אונדזערע אַחינו בני ישראל, ווי היינט! איך ווייס ניט, ווי אַזוי די נגידים, די בראָצקיס, למשל, אין

יעהופעץ, אָדער די ראָטשילדס אין פּאַריז? סע קאָן זיין, אַז זיי האָבן אים אין זינען אַקוראַט אין דער לינקער פּאה; נאָר מיר, ייִדן אָרעמע לייט, פון כתרילעווקע און פון מאַזעפּעווקע און פון זלאָדייעווקע, און אַפילו פון יעהופּעץ, און אַפילו פון אָדעס, קוקן אַרויס, אוי, קוקן מיר אַרויס אויף אים! ממש די אויגן קריכן אַזש פון קאָפּ! אונדזער גאַנצער האָפענונג אַציגד איז דאָך נאָר, טאָמער וועט גאָט טון אַ נס, עס וועט קומען משיח!״...

דערווייל, אַזוי ווי איך זיץ מיר פאַרטיפט אין די דאָזיקע רעיונות, איך טו אַ קוק — אַ ווייס פערדל, און עמיצער זיצט אויף דעם רייטנדיק, און גלייך צום טויער פון מיין שטוב! טפּררררו — אָפּגעשטעלט זיך, אַראָפּגעקראָכן, צוגעבונדן דאָס פערדל צום טויער, און אַליין גלייך צו מיר: „זדרסטאַי, טעוועלי!״ זדראַסטאַיטי, זדראַסטאַיטי, וואַשע בלאַהאָראַדיע!״ — ענטפער איך אָפּ גאַנץ ברייטלעך, און אין האַרצן טראַכט איך מיר: ויבוא המן — מאַכט רש״י: אַז מע קוקט אַרויס אויף משיחן, קומט דער אוראַטניק... (קאָמיסאַר) און איך שטיי אויף אַקעגן אים, אַקעגן דעם אוראַטניק הייסט עס: „ברוך הבא אַ גאַסט, זאָג איך, וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער גרויסער וועלט און וואָס וועסטו, זאָג איך, עפּעס זאָגן גוטס, אַדוני פּריץ?״ און דאָס האַרץ פּאַלט מיר שיר ניט אַרויס — איך וויל שוין וויסן וואָס און ווען? און ער, דער אוראַטניק הייסט עס, האָט זיך אָבער צייט. ער פאַרדרויכערט זיך גאַנץ פיין אַ פּאַפּיראָסל, בלאָזט אַרויס דעם רויך, שפּייט אויס און רופט זיך אָן צו מיר: „וויפל צייט, אַשטייגער, דאַרפסטו האָבן, טעוועל, זאָלסט קאָנען פאַרקויפן, זאָגט ער, דיין כאַטע מיט אַלע דיינע בעבעכעס?״ קוק איך אים אָן: „צו וואָס, זאָג איך, זאָל איך פאַרקויפן, זאָג איך, מיין כאַטע? וועמען, למשל, מאַכט זי, זאָג איך, ענג ״ „ענג, זאָגט ער, מאַכט זי קיינעם ניט. נאָר איך בין געקומען, זאָגט ער, דיך אַרויס־שיקן, זאָגט ער, פון דאָרף״. „סך־הכל, זאָג איך, מער ניט? פאַר וואָסערע מעשים טובים? מיט וואָס, זאָג איך, האָב איך פאַרדינט ביי דיר אַזאַ כבוד?״... „דאָס איז ניט איך שיק דיך אַרויס, זאָגט ער, די גובערניע שיקט דיך אַרויס״. „די גובער־ניע? — זאָג איך — וואָס האָט זי אַזעלכעס דערזען אויף מיר?״ „נישט נאָר דיך אַליין, זאָגט ער, און נישט נאָר פון דאַנען, נאָר פון אַלע דערפער אַרום און אַרום, פון זלאָדילעווקע, זאָגט ער, און פון ראַבילעווקע, און פון קאַסטאַלאָמעווקע, און אַפילו, זאָגט ער, אַנאַטעווקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעטל, ווערט דאָס שוין איצטער אויך, זאָגט ער, אַ דאָרף, און מע וועט אַרויסטרייבן פון דאָרט, זאָגט ער, אַלע — אַלע אייערע״... „אַפילו לייזער־וואָלף דעם קצב, זאָג איך, אויך? און נפתלי־גרשון דעם לומער אויך? און דעם דאָרטיקן שוחט? און דעם רבֿ?״ „אַלע! אַלע! — זאָגט ער און טוט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי אַ שנייד אָפּ מיט אַ מעסער...

איז מיר אַפילו געוואָרן עפּעס ווי אַ ביסל גרינגער, ווי זאָגט איר: צרת רבים חצי נחמה. נאָר פאַרדריסן פאַרדריסט דאָס מיך, און אַ פייער ברענט אין מיר, און איך בין מיך מיישב און רוף מיך אָן צו אים, צום אוראַטניק הייסט עס: „זאָג מיר, זאָג איך, דו ווייסט כאַטש, זאָג איך, וואַשע בלאַהאָראַדיע, אַז איך זיץ דאָ אין דעם דאָרף אַ סך פריִער פון דיר? דו ווייסט, זאָג איך, אַז אָט דאָ, אין דעם

ווינקל, איז נאָך מיין טאַטע עליו השלום, זאָג איך, געזעסן, און מיין זיידע, עליו השלום, און מיין באָבע עליו השלום?" און איך פֿויל זיך ניט און רעכן אים אויס די גאַנצע משפחה ביי די נעמען, ווו ווער ס'איז געזעסן און ווו ווער ס'איז געשטאָרבן... הערט ער מיך דווקא אויס, דער אוראַטניק הייסט עס, און אַז איך האָב געענדיקט, מאַכט ער צו מיר: „דו ביסט אַ ציקאַווע ייד, זאָגט ער, טעוועל, און דו האָסט אין זיך ניין מאָס רייד. צו וואָס טויגן מיר דיינע מעשיות, זאָגט ער, פֿון דיין באָבען מיט דיין זיידן? לאָזן זיי, זאָגט ער, דיר האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן! און דו, טעוועל, נעם, זאָגט ער, צונויף דיינע בעבעכעס און פּאָר־פּאָר נאַ באַרדיטשעוו!"... פֿאַרדריסט עס מיך שוין נאָך מער: גענוג דו זאָגסט מיר אָן, עשו, אַזאַ גוטע בשורה טובה, מאַכסטו נאָך חוזק: פּאָר־פּאָר נאַ באַרדיטשעוו!... לאָם איך אים כאָטש אַ ביסל אויסלאַמרן... און איך רוף מיך אָן צו אים: „וואַשע, זאָג איך, בלאַהאָראָדיע! וויפֿל צייט, זאָג איך, ביסטו שוין דאָ פּריץ, האָסטו עפּעס געהערט, זאָג איך, אַ סך מאָל, עמעצער פֿון די שכנים זאָל זיך אויף מיר באַקלאָגן, אַז טביה האָט אים באַגנבעט, אָדער באַגזלט, אָדער אויסגענאַרט, אָדער אַזוי צוגענומען? אַנו, צעפֿרעג זיך אָקאָרשט ביי די בעלי־בתּים, זאָג איך, צי האָב איך ניט געלעבט מיט זיי אַ סך בעסער, זאָג איך, ווי דער בעסטער בעל־הבית? צי בין איך ניט געווען, זאָג איך, אַדוני פּריץ, ביי דיר אַליין, זאָג איך, וויפֿל מאָל בעטן דיך פֿאַר די גויִים, זאָלסט זיי אַזוי ניט אָביזשאַיע?"... האָט דאָס אים שוין, אַפּנים, ניט געשמעקט! שטייט ער אויף, דער אוראַטניק, צעקוועטשט דעם פּאַפּיראָס מיט די פֿינגער, טוט אים אַ וואָרף־אָפּ און מאַכט צו מיר: „איך האָב, זאָגט ער, קיין צייט ניט מיט דיר צו באַלאַקען פּוסטע רייד. ס'איז מיר אָנגעקומען, זאָגט ער, אַ פּאַפּיר — און ווייטער גייט מיך ניט אָן! קום, זאָגט ער, ווּעסטו מיר, זאָגט ער, חתמענען דאָס פּאַפּיר, און צייט אויף אַרויסצופֿאָרן גיט מען דיר, זאָגט ער, דריי טעג, זאָלסט קאָנען, זאָגט ער, אויספֿאַרקויפֿן אַלצדינג און צוגרייטן זיך אין וועג אַריין". דערזען, ס'איז ביטער, רוף איך מיך אָן צו אים: „דו גיסט מיר, זאָג איך, דריי טעג גיסטו מיר? דריי יאָר זאָלסטו לעבן, זאָג איך, דערפֿאַר אין עושר און אין כּבוד. גאָט זאָל דיר, זאָג איך, צאָלן בכפל כּפלים, זאָג איך, פֿאַר דער גוטער בשורה, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט אין שטוב אַריין"... גוט־גוט אַריינגעזאָגט אים, ווי טביה קאָן! איך האָב מיך מיישב געווען: ממה נפשך, סיי ווי סיי מאָטי פֿאַרך — וואָס האָב איך דאָ אָנצוּווערן? וואָלט איך געווען יינגער כאָטש מיט אַ יאָר צוואַנציק, און וואָלט מיר געלעבט מיין גאָלדע עליו השלום, און וואָלט איך געווען דער אייגענער טביה דער מילכיקער, וואָס אַמאָל, אין די שנים קדמוניות, — עהע־עה! וואָלט איך זיך אַזוי גיך ניט אונטערגעגעבן! איך וואָלט זיך געבאָרעט, געשלאָגן זיך ביז בלוט אַריין! נאָר אַזוי — וואָס? מה אנו ומה חיינו — וואָס בין איך היינט און ווער בין איך? אַ פּלג־גוף, אַ שברי־כּלי, אַ צעבראָכענער שאַרבן! „אַך טי, רבונו של עולם, גאָטעניו!" — טראַכט איך מיר. — וואָס האָסטו זיך עפּעס צוגעטשעפּעט צו טביהן גראָד? פֿאַר וואָס זאָלסטו עפּעס נישט אַ שפּיל טון זיך אַמאָל אויף אַ טשיקאַוועס, למשל, מיט בראָצקין, אָדער מיט ראָטשילדן? פֿאַר וואָס לערנט מען מיט זיי ניט

די סדרה לך־לך? זיי וואָלט, דאַכט מיר, בעסער אָנגעשטאָנען? ערשטנס, וואָלטן זיי דערפילט דעם אמתן טעם, וואָס הייסט אַ ייִד. והשנית, לאָזן זיי אויך זען, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט"...

בקיצור, דאָס איז אָבער אַלץ פּוסטע דבורים. מיט גאָט טענהט מען זיך ניט אויס, און אים קיין עצות, ווי אַזוי צו פירן די וועלט, גיט מען ניט. ער, אַז ער זאָגט: לי השמים ולי הארץ — קומט אויס, אַז ער איז בעל־הבית, און מיר דאַרפן אים פאָלגן. וואָס ער זאָגט, איז געזאָגט!... גיי איך אַריין אין שטוב אַריין און טו מיר אַ זאָג צו מיין טאַכטער דער אַלמנה: „צייטל, זאָג איך, מיר קלויבן זיך אַרויס, זאָג איך, פון דאַנען ערגעץ אין אַ שטאָט אַריין. גענוג שוין געזעסן אין דאָרף, זאָג איך. משנה מקום, משנה מזל... דו נעם אָקאָרשט, זאָג איך, און הייב־אָן באַצייטנס זיך צוגרייטן מיטן בעטגעוואַנט, מיטן סאַמאָוואַר און מיט די שאר ירקות, און איך וועל, זאָג איך, גיין פאַרקויפן די כאַטע. ס'איז אָנגעקומען, זאָג איך, אַ פּאַפּיר, אַז מיר זאָלן אָפּרייניקן, זאָג איך, דאָס אָרט און אין דריי טעג אַרום זאָל דאָ אונדזער דעך ניט בלייבן!"... דערהערט פון מיר אַזאַ בשורה, אַז זי מאַכט ניט קיין געוויין, די אַלמנה מיינע, און די קינדערלעך אירע אויף איר קוקנדיק, האָבן זיך גלאַט צע־וויינט, און ס'איז געוואָרן, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, תשעה־באָב אין שטוב! ווער איך שוין אין כעס און לאָז אויס מיין גאַנץ ביטער האַרץ אויף מיין טאָכטער נעבעך: „וואָס האָט איר זיך גענומען, זאָג איך, אויף מיין לעבן? וואָס האָט איר זיך, זאָג איך, צעיאָכמערט פלוצים אין מיטן דרינען, ווי אַן אַלטער חזן צו די ערשטע סליחות?... וואָס בין איך עפּעס — אַ בן־יחיד, זאָג איך, ביי גאָט? אַ ציטערדיקער? קאַרג יידן, זאָג איך, ווערן איצטער אַרויסגעטריבן פון די דערפער? גיי האָרך, זאָג איך, וואָס דער אוראַטניק דערציילט זיך אָן! אַ סברא, זאָג איך, אַז דיין אנאַטעוווקע, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ שטעטל, ווערט דאָס שוין אויך, זאָג איך, מיט גאָטס הילף, אַ דאָרף, צוליב די אנאַטעוווקער יידן, זאָג איך, מע זאָל זיי קאָנען אַרויסטרייבן אַלעמען. וויבאַלד אַזוי, זאָג איך, מיט וואָס־זשע, זאָג איך, בין איך ערגער פון אַלע יידן?"... אָט אַזוי רעד איך איר אויס דאָס האַרץ, דער טאָכטער מיינער. איז דאָך עס אָבער אַ יידענע. זאָגט זי צו מיר: „וווהין וועלן מיר זיך, זאָגט זי, קלויבן פלוצים אין מיטן דרינען? וווּ וועלן מיר, זאָגט זי, גיין זוכן שטעט?"... „שטיאַ! — זאָג איך. — אַז גאָט איז געקומען, זאָג איך, צו אונדזער עלטער־עלטער־זיידן, צו אַברהם אָבינון, און האָט אים געזאָגט, זאָג איך, לך־לך מארצך — זאָלסט אַרויסגיין פון דיין לאַנד, האָט אים דען אַברהם, זאָג איך, איבערגעפרעגט דאָס אַנדערע וואָרט אַפּילו: וווהין?... גאָט האָט אים געזאָגט, זאָג איך, אל הארץ אשר אראך — איז דער פשט: גאַ ווסיע טשעטירנע סטאָרעני (אין אַלע פיר זייטן)... מיר וועלן גיין, זאָג איך, וווהין די איביקע טראָגן, וווהין אַלע יידן גייען. וואָס סע וועט זיין, זאָג איך, מיט כל ישראל, דאָס וועט זיין מיט רב ישראל. און מיט וואָס, זאָג איך, ביסטו מער מיוחסת פון דיין שוועסטער ביילקע, די נגידיתטע? איר שטייט אָן צו זיין מיט איר פדהצורן אַצינד אין אַמעריקע און מאַכן אַ לעבאַכטס, מעג דיר אויך, זאָג איך, אָנשטיין... דאַנקען השם יתברך, זאָג איך, וואָס מיר האָבן כאָטש מיט וואָס

צו רירן זיך. אַ ביסל, זאָג איך, איז נאָך דאָ פון פריער, און אַ ביסל פון דער כאַדאבע, וואָס מיר האָבן פאַרקויפט, און אַ ביסל וועט אַריינפאַלן פון דער כאַטע. פון אַ ביסל און אַ ביסל, זאָג איך, ווערט אַ פולע שיסל — און גם זו לטובה! און אַפילו מיר זאָלן, זאָג איך, חלילה גאָרנישט האָבן, איז אונדז, זאָג איך, נאָך אַלץ בעסער פון מענדל ביילים!"...

בקיצור, איך האָב ביי איר יאָקאַש געפועלט, זי זאָל זיך נים שטאַרק פאַר־עקשנען. איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין מיט אַ שכל, אַז דער אוראַטניק קומט און ברענגט אַ פּאַפּיר, אַז מען הייסט גייך, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין און מע דאַרף גיי. און אַליין בין איך אַוועק אין דאָרף מאַכן אַ טאָלק מיט דער כאַטע, און גלייך צו איוואַן פּאַפּערילע, צום סטאַראַסטע הייסט עס. ער איז אַ גוי אַ בעל־הגוף און פגרט נאָך מיין דירה! געקומען צו איוואַנען, דערצייל איך אים ניט פון קיין פּתרון און פון קיין חלום — אַ ייד איז קליגער פון אַ גוי — און איך זאָג אים, זאָג איך: הנה, זיי וויסן, איוואַנו סערדצע, אַז איך וואַרף אייך אַוועק"... זאָגט ער: "וואָס עפּעס?" זאָג איך: "איך פאָר אַריבער, זאָג איך, אין שטאָט אַריין, איך וויל זיין, זאָג איך, צווישן יידן. איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן, זאָג איך, טאָמער חלילה טוט מען אַ שטאַרב"... מאַכט צו מיר איוואַן: "פאַר וואָס זשע זאָלסטו ניט שטאַרבן דאָ? ווער לאָזט דיך ניט?" דאַנק איך אים זייער און זאָג אים: "שטאַרבן דאָ שטאַרב שוין דו בעסער, זאָג איך, דו ביסט בילכער, און איך וועל בעסער גיין שטאַרבן, זאָג איך, צווישן מייניקע... קויף אָפּ, איוואַנו, ביי מיר, זאָג איך צו אים, מיין כאַטע מיטן גאָרטן, אַן אַנדערן וועל איך, זאָג איך, ניט פאַרקויפן, דיר — יאָ". "וויפל, זאָגט ער, ווילסטו פאַר דיין כאַטע?" "וויפל, זאָג איך, גיסטו? אַהין־אַהער, ער מיר: "וויפל ווילסטו?" איך אים: "וויפל גיסטו?" — מע האָט זיך געגומען דינ־גען, זיך פּאַטשן אין די הענט אַריין, אַזוי לאַנג געדונגען און געפּאַטשט זיך, אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ, ביז מע האָט זיך אויסגעדונגען פאַרן מקח, און טאַקע פּאַווטירנע גענומען ביי אים אויף דער יד אַ פיינעם אַדערויף, ער זאָל זיך חלילה ניט אויפטרעטן — אַ ייד איז קליגער פון אַ גוי — און האָט אַזוי האָב איך אויסגעפאַרקויפט אין איין טאָג, בחצי־חנם געוויינטלעך, דאָס גאַנצע דאָבערע־מזל, געמאַכט פון אַלצדינג גאָלד, און בין אַוועק דינגען אַ פור, פאַרנעמען דאָס איבער־געבליבענע ביסל אַרעמקייט — וועט איר הערן נאָך אַ שיינס, וואָס ביי טביהן קאָן זיך פאַרלויפן! איר לייגט נאָר צו קאָפּ, איך וועל אייך שוין לאַנג ניט האַלטן, אי־בערגעגעבן עס אייך, ווי זאָגט איר, בשלשה דברים — אין צוויי ווערטער.

בקיצור, פאַרן אַוועקפאָרן קום איך אַהיים, טרעף איך שוין ניט קיין שטוב, נאָר אַ חורבה. די ווענט נאַקעט, זיי וויינען ממש מיט טרערן! אויף דער ערד — פּעקלעך מיט פּעקלעך! אויפן פּריפּעטשיק זיצט די קאַץ, ווי אַ יתומה נעבעך, טרויעריק — עס האָט מיך אַזש אַ נעם געגעבן ביים האַרצן און טרערן האָבן מיר זיך געשטעלט אין די אויגן... איך זאָל מיך ניט שעמען פאַר מיין טאָכ־טער, וואָלט איך מיך גוט־גוט אויסגעוויינט, ווי זאָגט איר, פאַרט באַטקאָווטשינע!... דאָ אויסגעוואַקסן, דאָ פאַרשוואַרצט געוואָרן כל ימיו, און פלוצים אין מיטן דרינען

— לך־לך! זאָגט איך, וואָס איר ווילט, סאַ פאַרדראָסיקע זאַך!... טביה איז דאָך אָבער ניט קיין ייִדענע, האַלט איך מיך איין און מאַך מיר פריילעך און רוף מיך אָן צו מיין טאָכטער דער אַלמנה: „קום נאָר אַהער, זאָג איך, צייטל, ווו ביסטו ערגעץ?" גייט זי אַרויס פון צווייטן אַלקיר, צייטל הייסט עס, מיט רויטע אויגן און מיט אַ געשוואָלענער נאָז. אַהאַ, טראַכט איך מיר, מיין טאָכטער האָט זיך שוין דאָ ווידער צעיעלהט ווי אַ ייִדענע צו ונתנה־תוקף! אָט די ווייבער, הערט איר, זיינען איך קיין קאַטאָוועס ניט — באַלד עפּעס, איז געוויינט! וואַלוועלע טרערן ביי זיי! „שטיאַ! — זאָג איך איר, — וואָס וויינסטו שוין ווידער? ביסטו ניט קיין נאַר? — זאָג איך — באַרעכן זיך גאָר, זאָג איך, דעם חילוק פון דיר ביז מענדל בייליס"... וויל זי ניט הערן און מאַכט צו מיר: „טאַטע, זאָגט זי, דו ווייסט ניט וואָס איך וויין"... זאָג איך: „איך ווייס גאַנץ גוט. פאַר וואָס זאָל איך ניט וויסן? דו וויינסט, ס'טוט דיר באַנג די היים... ביסט אָט דאָ, זאָג איך, געבוירן געוואָרן און אויסגע־וואַקסן — פאַרדריסט עס דיך... גלויב מיר, זאָג איך, איך זאָל ניט זיין טביה, איך זאָל זיין אַן אַנדערער, וואָלט איך אַליין אויך, זאָג איך, געקושט אָט די נאַקעטע ווענט מיט אָט די ליידיקע פּאָליצעס... איך וואָלט אַליין אויך, זאָג איך, צוגעפאַלן צו אָט דער דאָזיקער ערד!... עס טוט מיר באַנג, זאָג איך, איטלעכס ברעקל גלייך מיט דיר. נאַרעלע! אַפילו אָט די קאַץ, זעסטו, אַן זי זיצט דאָרט אַ פאַריתומטע אויפן פריפּעטשיק? אַ שטומע צונג, אַ חיה, זאָג איך, פון דעסטוועגן איז אַ רחמנות, זי בלייבט אַליין אָן אַ בעל־הבית — צער־בעלי־חיים"... „ס'איז דאָ, מאָל דיר, זאָגט זי, אַ גרעסערער רחמנות"... „דהיינו?" „דהיינו, אָט פאָרן מיר אַוועק, זאָגט זי, און לאָזן דאָ איבער אַ מענטשן אַליין, עלנט ווי אַ שטיין". פאַרשטיי איך ניט וואָס זי מיינט, און רוף מיך אָן צו איר: „וואָס בעלעבעטשעסטו? זאָג איך, וואָסערע פלאָמען? וואָסער מענטש? וואָסער שטיין?" מאַכט זי צו מיר: „טאַטע, איך רעד ניט פונעם וועג, איך רעד, זאָגט זי, פון אונדזער חוהן"... און ווי זי האָט מיר אויסגערעדט דעם דאָזיקן נאָמען, איז שווער איך אייך, ווי מיט אַ הייסן אָקרעפּ, אָדער מיט אַ שייט־האָלץ איבערן קאָפּ! און איך פאַל אָן אויף מיין טאָכטער און גיב איר אַוועק אַ וויסטן סוף: „וואָס עפּעס פלוצים אין מיטן דרינגען חוה, זאָג איך? איך האָב דאָך אָנגעזאָגט, זאָג איך, וויפל מאָל, אַז חוה לא יזכר ולא יפקד!" מיינט איר, אַז זי שרעקט זיך איבער? אָבער גאָר לאָ! טביהס טעכטער האָבן אין זיך אַ כוח! „טאַטע, מאַכט זי צו מיר, דו בייזער זיך גאָר ניט אַזוי שטאַרק און דערמאַן זיך בעסער, וואָס דו אַליין, זאָגט זי, האָסט געזאָגט וויפל מאָל, אַז סע שטייט געשריבן, אַז אַ מענטש דאַרף האָבן רחמנות אויף אַ מענטשן, ווי אַ טאַטע אויף אַ קינד"... איר הערט ווערטער? ווער איך מסתמא נאָך מער אויפגעקאָכט און גיב איר אַוועק אַ גאָב, ווי איר קומט: „פון רחמנות, זאָג איך, רעדסטו מיט מיר? ווו איז געווען, זאָג איך, איר רחמנות, אַז איך בין געלעגן ווי אַ הונט פאַרן גלח, ימח שמו, אים געקושט די פיס, און זי איז אפשר געווען, זאָג איך, אין צווייטן חדר און אפשר געהערט איטלעכס וואָרט?... אָדער ווו איז געווען, זאָג איך, איר רחמנות, אַז די מאַמע, עליו השלום, איז געלעגן, זאָג איך, ניט פאַר דיר געדאַכט,

אַט דאָ אויף דער ערד מיט שוואַרץ איבערגעדעקט? ווו איז זי דעמאָלט געווען?... און די נעכט, זאָג איך, וואָס איך בין, ניט געשלאָפן? אַ־ן דאָס קרענקען, וואָס האָט מיך, זאָג איך, געקרענקט די גאַנצע צייט ביז היינטיקן טאָג נאָך, אַז איך דערמאָן מיך, זאָג איך, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטאָן, אויף וועמען זי האָט אונדז אויסגעביטן — ווו איז, זאָג איך, דער רחמנות אויף מיר?"... און עס פאַרבאַקט מיך ביים האַרצן און איך קאָן ניט רעדן מער... מיינט איר דאָך אוודאי, אַז טביהס טאָכטער האָט נישט געפונען, וואָס מיר דערויף אָפּצוענטפערן? „דו אַליין, זאָגט זי, זאָגסט דאָך, טאַטע, אַז דער מענטש, וואָס האָט חרטה, איז אים אַפילו גאָט אַליין מוחל"... „חרטה? — זאָג איך — צו שפּעט! דאָס צווייגעלע, זאָג איך, וואָס האָט זיך איינמאָל אָפּגע־ריסן פון בוים, מוז, זאָג איך, פאַרטריקנט ווערן! דאָס בלעטל, זאָג איך, וואָס איז אָפּגעפאַלן, מוז פאַרפוילט ווערן, און מער, זאָג איך, זאָלסטו מיט מיר ניט רעדן דערפון — עד כאן אומרים בשבת הגדול!"...

בקיצור, דערזען, אַז מיט ווערטער קאָן זי מיט מיר גאָרניט מאַכן, טביה איז ניט דער מענטש, וואָס מע רעדט אים איבער, פאַלט זי מיר שוין גאָר צו און הייבט מיך אָן צו קושן אין די הענט אַריין און מאַכט צו מיר: „טאַטע, זאָגט זי, זאָל איך שלעכטס האָבן, זאָל איך שטאַרבן אָט־אָ־דאָ אויפן אָרט, אויב דו וועסט זי איצטיקס מאָל אָפּשטויסן, ווי דו האָסט זי אָפּגעשטויסן דעמאָלט אין וואַלד, אַז זי איז, זאָגט זי, צוגעפאַלן צו דיר, און דו האָסט פאַרקערעוועט, זאָגט זי, דאָס פערדל און ביסט אַנטלאָפן!"... „וואָס פאַר אַ פּריטשעפּע, זאָג איך, אויף מיין קאָפּ? וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש?! וואָס האָסטו זיך גענומען, זאָג איך, אויף מיין לעבן?"... לאָזט זי מיך ניט אָפּ, האַלט מיך צו ביי די הענט און טענהט זיך אירס: „זאָל איך שלעכטס האָבן, זאָגט זי, זאָל איך שטאַרבן, אויב דו וועסט איר ניט מוחל זיין, זאָגט זי, וואָרום זי איז דיר אַ טאָכטער, זאָגט זי, גלייך ווי איך!"... „וואָס ווילסטו, זאָג איך, פון מיין לעבן? זי איז ניט מיין טאָכטער מער! זי איז שוין, זאָג איך, לאַנג גע־שטאָרבן!"... „ניין, זאָגט זי. זי איז נישט געשטאָרבן און זי איז שוין צוריק דיין טאָכטער, זאָגט זי, ווי געווען, וואָרום פון דער ערשטער מינוט, זאָגט זי, אַז זי איז געוויער געוואָרן, אַז מע שיקט אונדז אַרויס, האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין, אַז דאָס שיקט מען אַרויס אונדז אַלעמען, זי אויך, הייסט עס. דאָרט ווו מיר — אַזוי האָט מיר חוה אַליין געזאָגט — דאָרט איז זי, אונדזער גלות — דאָס איז איר גלות... אַ סימן, זאָגט זי, האָסטו טאַטע, אָט איז אַפילו דאָס פּעקעלע אירס"... אַזוי מאַכט צו מיר מיין טאָכטער, צייטל הייסט עס, אין איין אָטעם, ווי די עשרת בני המן אין דער מגילה, און לאָזט מיך אַפילו אַ וואָרט ניט אַרויסריידן און טוט מיר אַ ווייז אָן אויף עפּעס אַ פּעקל אין אַ רויטער פאַטשיילע איינגעוויקלט, און טאַקע פאַוו־טירנע טוט זי אָן עפן אויף די טיר פון צווייטן אַלקיר און רופט אויס: „חוה!" — ווי איר זעט מיך אַ יידן... און וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ליבער פריינד? טאַקע פונקט אַזוי ווי ביי אייך אין די ביכלעך ווערט באַשריבן, באַווייזט זי זיך, חוה הייסט עס, פון אַלקיר אַרויס — אַ געזונטע, אַ גלאַטע, אַ שיינע, ווי געווען, ניט געמינערט אַ האָר, נאָר דאָס פּנים אַ ביסל פאַרזאָרגט, די אויגן אַ ביסל פאַרצויגן, און דאָס

קאַפּ האַלט זי הויך, מיט גדלות, בלייבט שטיין אַ ווײַלע, קוקט אויף מיר, איך — אויף איר. דערנאָך ציט זי אויס צו מיר ביידע הענט, און נאָר איין וואָרט קאָן זי אַרויסריידן, איין־און־אײנציק וואָרט, און שטיל: טאַ־טע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט קיין פּאַראיבל ניט, אַז איך דערמאָן מיך, שטעלן זיך מיר נאָך איצט טרערן אין די אויגן. נאָר מיינט ניט, פון דעסטוועגן, אַז טביה האָט חלילה געלאָזט אַ טרער אָדער אַרייסבאַוויזן, ווי זאָגט איר, מיאַכקי לבבות — בלאָטע!... דאָס הייסט, וואָס איך האָב געפילט בעת־מעשה אינעווייניק אין האַרצן — דאָס איז עפּעס אַנדערש. איר זייט דאָך אַליין אויך אַ טאַטע פון קינדער און איר ווייסט גלייך מיט מיר דעם פשט פונעם פסוק „כרחם אָב על בנים״ און דעם טעם פון דעם, בעת אַ קינד, עס מעג זיך ווי פאַרזינדיקן, נאָר אַז סע קוקט אייך גלייך אין דער נשמה אַריין און זאָגט אייך: „טאַטע!״ — אַנו, זייט דעמאָלט אַ בריה, אַדרבה, און טרייבט עס אָפּ!... און צוריק אָבער, דער כוח־הדמיון אַרבעט, און עס קומט מיר אָקעגן באַלד דאָס שיינע שפּיצל, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטאָן, חוועדקע גאַלאַגאַן, איינגעזונקען זאָל ער ווערן... און דער גלח, ימח שמו... און מיינע טרערן... און גאָלדע עליו השלום טויט... ניין! זאָגט שוין איר אַליין, ווי קאָן מען דאָס פאַר־געסן, ווי קאָן מען דאָס פאַרגעסן?... און ווידער צוריק — סטייטש! פאָרט אַ קינד... כרחם אָב אַל בנים... ווי טאָר אַ מענטש זיין אַן אכזר, אַז גאָט אַליין זאָגט אויף זיך, אַז ער איז אַן אל ארך אפּים!... ובפרט, זי האָט חרטה און וויל זיך אומקערן צוריק צו איר טאַטן און צו איר גאָט!... וואָס זאָגט איר, פּאַני שלום־עליכם? איר זייט דאָך עפּעס אַ ייד, וואָס קאַטאָרי איר מאַכט ביכלעך און איר גיט דער וועלט עצות — זאָגט שוין איר אַליין, וואָס האָט טביה באַדאַרפט טון? אַרומנעמען זי, ווי אַן אייגענע, קושן זי און האַלדזן זי און זאָגן איר, ווי מיר זאָגן יום־כפּור צו כל־נדרי: סלחתי כדבריך — קום צו מיר, דו ביסט מיין קינד? צי אפשר פאַרקערעווען דעם דישל, אַזוי ווי דעמאָלט און זאָג איר: לך־לך — גיי דיר געזונטערהייט פון וואַנען דו ביסט געקומען?... ניין, לאָז זיך אייך דאַכטן, למשל, עלעהיי איר זייט אויף טביהס אָרט, און זאָגט מיר בהן שלי, נאָר אָפנטלעך, ווי פאַר אַן אמתן גוטן פריינד: ווי אַזוי וואָלט איר זיך נוהג געווען ... און אויב איר קאָנט עס מיר ניט זאָגן באַלד, גיב איך אייך צייט אויף צו באַטראַכטן זיך... אין דערווייל דאַרף מען גיין — די אייניקלעך וואַרטן שוין אויף מיר, קוקן אַרויס אויפן זיידן. איר דאַרפט ווייסן, אַז אייניקלעך זיינען נאָך טויזנט מאָל טייערער און איינגעבאַקענער פון קינ־דער. בנים ובני בנים — אַ קלייניקייט! זייט מיר געזונט און האָט קיין פּאַראיבל ניט, איך האָב אייך אָנגעקלאַפּט אַ קאָפּ — איר וועט שוין דערפאַר האָבן וואָס צו שרייבן... אַז גאָט וועט הייסן, וועלן מיר זיך נאָך זען מסתמא. אַ גוטן!

# מיליאָנען

## בריוו 16

שיינע־שיינדל פון כתריליעווקע צו איר מאַן מנחם־מענדל אין יעהופּעץ

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדל נ"י.

ערשטנס קום איך דיר צו מעלדן, אַז מיר זיינען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטנס שרייב איך דיר, אַז איך האָב דיין מגילה געלייענט און געלייענט און ניט פאַרשטאַנען איין וואָרט, וואָס דו ווילסט! דו פרעגסט זיך נאָך, צי ס'איז דאָ פּלאַץ? שרייב איך דיר, אַז אויף דעם נייעם בית־עולם איז פאַראַן גענוג, עס וועט קלעקן פאַר האַלב יעהופּעץ. און וואָס פרעגסטו זיך אַלץ נאָך אויף בורעקעס? פאַרוואָס פרעגסטו זיך שוין־ניט אָן אין ווענס אויף קרויט, אויף חריין און אויף פּאַסטערנאַק? און דער טייך? אַזאַ מזל אויף דיינע שותפים, וואָס פאַר אַ וואַסער ביי אונדז איז! קומט ערב־פּסח, טרינקט מען יאַשטשערקעס, און זומער ווערט דער טייך גרין ווי גראָז; איך וואָלט וועלן, אַז דיינע יעהופּעצער פיינע בריות, וואָס האָבן צו טון מיט די מאָגנס, זאָלן פאַרזוכן אונדזער וואַסער אַרום תמוז... ניין, מענדל, לאָזן זיי דיר קרענקען דאָרטן אין יעהופּעץ, מיר וועלן זיך שוין באַגיין אַזוי, אָן זייערע זאַוואָדלעך, ווי זאָגט די מאַמע מיינע: „ראש־חודש אלול גייט אַוועק און בעל־הבית בלייבט בעל־הבית"... שלאָג דיר אַרויס פון קאָפּ די דאָזיקע אַלע נאַרישקייטן, דו וועסט אַזוי מאַכן זאַוואָדלעך, פּונקט אַזוי ווי דו האָסט געמאַכט וועלדער, אימעניעס, הייזער און צוקער! איך בין דיר ערב, אַז איידער דו וועסט זיך אומקערן, וועלן דיך דיינע שותפים באַנעמען פון קאָפּ ביז פיס, וואָרום דו ביסט געווען אַ שלים־מזל און וועסט בלייבן אַ שלים־מזל, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי שיינע־שיינדל.

יאָ, זאָג נאָר, מענדל, וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס, וואָס מע דערציילט ביי אונדז? מע זאָגט, אַז דאָרט, אין יעהופעץ, פאַרשרייבט מען זיך שוין קיין ארץ־ישראל? ווער עס פאַרשרייבט זיך פּערציק קאָפּיקעס, דער פאָרט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין? ביי אונדז האָט מען שטאַרק אָנגעהויבן דערפון צו שמועסן; יונגע לייט קלייבן זיך צונויף אַלע נאַכט ביי יאָסל משה־יאָסיס און מע רעדט פון ארץ־ישראל. — הכלל, עס טוט זיך חושך, ווי זאָגט די מאַמע: „שוין לאַנג שטיל געווען!“...

## בריוו 1

מנחם־מענדל פון יעהופעץ צו זיין ווי[illegible]ינע־שיינדל אין כתרילעווקע

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינע־שיינדל שתחי' עכב"ב.

ראשית בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפן, מען זאָל תמיד הערן איינס פונעם אַנדערן נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסן, אַז דער עסק פון זאַוואָדן איז שטאַרק אָפּגעקילט געוואָרן. עס איז געקומען אויף זיי אַ קריזיס, ממש עס וואַלגערן זיך זאַוואָדלעך אין גאַס, נישטאָ קיין קונים! דער עולם, פאַרשטייסטו מיך, האָט זיך אָנגעגעסן מיט זאַוואָדן, אַ ביסל אַריבערגעכאַפּט די מאָס, געלט איז טייער און צוקער איז בזיל הזול, וואָרום מע האָט אָנגעמאַכט אַזוי פיל צוקער, אַז ס'איז נישטאָ ווו זיך אַהינצוטון מיט אים, כאַטש נעם וואַרף אים אַרויס! ס'איז אין דער ערד דאָס געשעפט, די זאַוואָדטשיקעס שטאַרבן נאָך אַ גראָשן, די קאַפּיטאַליסטן האַלטן זיך איין און די מעקלערס גייען אַרום בטל, אָן אַ שטאָך אַרבעט, און איך אויך בתוכם. מיינסטו דאָך אַוודאי, אַז ס'איז עק וועלט? זאָלסטו זיך גאָרנישט זאָרגן, זוגתי היקרה, גאָט איז גאָט און יעהופעץ איז אַ שטאָט. אַזעלכע מענטשלעך, ווי איך, ווערן חלילה ניט פאַרפאַלן; אַדרבה, איך האָב ערשט אַ האָפענונג, אַז היינט, אם ירצה השם, באַדאַרף איך ערשט אויפקומען, וואָרום איך פיר איצט אַזאַ געשעפט, וואָס איך באַדאַרף פאַרדינען אויף מיין חלק כמעט ביז אַ מאה אלף! דאָס געשעפט, וואָס איך פיר, טרעפט אָן אַ צען מיליאָן, און אפשר נאָך מער פון צען מיליאָן, עס האָט גאָר ניט קיין שיעור און קיין ערך. ס'איז אַ סברה, אַז גאָלד אַליין זאָל דאָרטן זיין אין די אַלפים; היינט ווו איז זילבער, ווו איז אייזן, ווו איז קופּער, ווו איז בליי, ווו איז קווער־זילבער? פון ערדקוילן און פון שטיינער רעד איך שוין ניט! היינט געפינען זיך דאָרטן וועלדער מיט פעלדער מיט כל טוב — ס'איז, זאָגט מען, עפרות זהב, און ווילן וויל מען דערפאַר סך־הכל דריטהאַלבן מיליאָן, עס איז אַ מציאה פון אַ גנב! אַ חסרון איז נאָר, וואָס ס'איז אַ ביסל צו ווייטלעך, היינו, סע שטעקט אַזש אין סימביר, און פאָרן באַדאַרף מען אַהינצו אפשר דריי וואָכן כסדר, וואָרום אַהין גייט ניט קיין באַן. ווּעמען ליגט מען פאַר אַזאַ גרויס געשעפט? געוויינטלעך, בראָצקין! איז אָבער די צרה, ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך צו בראָצקין אין דער קאַנטאָר? ראשית חכמה,

שטייט ביי דער טיר אַ שווייצאַר מיט קנעפּ און קוקט אויף דער קאַפּאָטע; וויבאַלד אַן אַלטע קאַפּאָטע, אַזוי גיט מען איר דעם וועג; און אַז גאָט העלפט, מע קומט שוין איבער דעם שווייצאַר, שטייט מען אָפּ אַ שעה זעקס אויף די טרעפּ און מע וואַרט, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבן, מע וועט דערזען בראָצקין דורכגיין, און אַז מע דערלעבט אים שוין יאָ צו זען גיין, פליט ער פאַרביי פייל אויסן בויגן, און איידער מע קוקט זיך אַרום, זיצט ער שוין אין דער קאַרעטע — און אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע! קאָן מען ניט זיין אַזוי.גראָב און מע מוז קומען מאָרגן נאָכאַמאָל. אויף מאָרגן איז ווידער די אייגענע געשיכטע; אַ קליינינקייט, אַ מענטש האָט אַזוי



פיר זענען מיר געזעסן:
ח. נ. ביאַליק, מ. בן עמי, שלום עליכם און מענדעלע (גענף 1907)

פיל געשעפטן?! מען קאָן ניט אַזוי גיך זיך דערשלאָגן צו בראָצקין! נאָר צו גאָט אַ האָפענונג, איך וועל מיך מסתמא אַ מאָל דערשלאָגן, און דעמאָלט וועט שוין זיין גימל! און מחמת איך בין פאַרנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינעם אַנדערן בריוו וועל איך דיר אַרויסשרייבן אַלצדינג באַריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט הצלחה. גריס די קינדער און אַלעמען באַזונדער גאָר פריינדלעך.

ממני בעלך מנחם־מענדל.

עיקר שכחתי. וואָס דו פרעגסט זיך נאָך אויף „ארץ־ישראל״, קערסטו אַוודאי מיינען „ציוניזם״? דאָס איז זייער אַ הויכער ענין, כאָטש אין יעהופּעץ אויף דער בערזע האָלט מען עפּעס נישט דערפון. איך בין געווען אַ פּאָר מאָל ביי די היגע „ציגיסטן״ אויף די „זאַסעדאַניעס״ און האָב געוואָלט וויסן, וואָס דאָס איז, האָט מען אָבער אַלץ גערעדט אויף רוסיש, און דווקא אַ סך גערעדט, דאַכט זיך, וואָס וואָלט זיי געאַרט, זיי זאָלן זיך דורכרעדן מיט ייִדן אויף ייִדיש?... איך האָב אַ פּאָר מאָל אַ רעד געטאָן מיט מיינע חברה־לייט אויף דער בערזע וועגן דעם, האָבן זיי מיך אויסגעלאַכט: „וויס איך־וואָס? ציניזם! דאָקטאָר הערצל! אויך מיר אַ גע־שעפט!״...

הנ״ל

## בריוו 18

שיינע־שיינדל פון כתרילעווקע צו איר מאַן מנחם־מענדל אין יעהופּעץ

**לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר״ר מנחם־מענדל נ״י.**

ערשטנס קום איך דיר צו מעלדן, אַז מיר זיינען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטנס שרייב איך דיר, אַז מיין גיטל איז געבליבן אַן אַלמנה מיט זיבן קינדער, איינס קלענער פונעם אַנדערן! געשטאָרבן איז דער שוואָגער מיינער, מיר צו לענגערע יאָר, פון אַ צאָן, דאָס הייסט, אַז מע וויל, איז ער תמיד געווען נישט קיין געזונטער; ער פלעגט נישט פּאַר מיר געדאַכט, גאַנץ אָפּטלעך אונטערהוסטן מיט בלוט. פון דעסטוועגן האָבן מיר געמיינט, אַז ער וועט זיך נאָך מוטשען. צום סוף גייט ער און נעמט זיך אַרויס אַ צאָן ביי שמעלקע דעם רופא, לייגט זיך אַנידער און שטאַרבט אַוועק. ווי זאָגט די מאַמע, איר צו לענגערע יאָר: „קיינער וויסט נישט, וועמענס מאַרגן עס איז״... און דערווייל נעבעך גיטל לייגט איין די וועלט, ס׳איז אירע טרערן גאַרנישט צו פאַרשרייבן! אַוודאי ווען חלילה פאַרקערט, מיין שוועסטער, איר צו לענגערע יאָר, זאָל חס ושלום שטאַרבן, און זלמן־מאיר זאָל בלייבן אַן אַלמן, וואָלט ער געוויס אַזוי פיל טרערן ניט פאַרגאָסן און וואָלט מסתמא באַלד נאָך שלשים געבראַכט צו פירן פון באַרדיטשעוו אַ שטיפמאַמע פאַר זיינע קינדער. איך זאָג דאָס טאַקע אָקעגן אַלע מאַנסבילן, די כפרה מעגט איר זיין פאַר אייערע ווייבער. וואָרום ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ טאַטע פון קינדער זאָל זיך אַריינגעמען אַ משוגעת אין קאָפּ אַריין — מיליאָנען! אַ גליק האָט אים געטראָפן: ער שטייט ביי בראַצקין ביי דער טיר! איך האָב מורא, אַז ווייטער פון דער טיר וועסטו ניט גיין, אַן עבירה די שטיוול, כ׳לעבן! אַט באַלד טאַקע כאַפּט בראַצקי אַרויס די מיליאָנען און פליט אַוועק קיין סימביר — וואָס איז? מנחם־מענדל אַליין האָט געהערט, אַז דאָרטן ערגעץ אין אַלדי שוואַרצע יאָר וואַלגערט זיך גאָלד מיט קוועק־זילבער! ווי זאָגט די מאַמע מיינע: „אַ טויבער האָט געהערט, ווי אַ שטומער האָט דערציילט, אַז אַ בלינדער האָט געזען, ווי אַ קרומער איז געלאָפן״... נאָר איך

וויס פריער, אַז אינעם אַנדערן בריוו וועסטו מיר געוויס שרייבן, אַז פונעם גאַל־דענעם געשעפט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. עס וועט זיך אָבער געפינען אַ שלאַק מיט אַ נייעם חלום און וועט דיר דערציילן, אַז אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך און געלייגט אַן איי, וועטו צעלאָזן די פּאָלעס און וועסט ווידער לויפן, ווי אַ משוגענער. דו זאָלסט אָבער נעמען אויפן קאָפּ, אַז דו האָסט אין דער היים אַ ווייב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר מיט קליינע קינדער, וואָס קוקן אויף דיר אַרויס, ווי אויף משיחן, וואָלט זיך דיר ניט גלוסטן אַרומשלעפּן זיך איבער פרעמדע הייזער און אַרומטראָגן זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, וואָס עס שלאָגט צו דער גאַל הערג־דיק! נאָך האָט דיך ניט אָנגעלערנט יעהופּעץ, ברענען זאָל דאָס אויפן פייער, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי שיינע־שיינדל.

אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע: מאיר משולמס געדענקסטו? האָט ער אַ טאָכטער שפּרינצל, געוועזן אַ געזונטע מויד אַן איזערנע, שוין אַפילו אַ ביסל אַן איבערגע־וואַקסענע, נאָר זייער אַ געראָטענע! האָט זיך צו איר פֿאַרנאַרעט אַ מוכר־ספרימניק, וואָס טראָגט אַרום איבער די הייזער מעשה־ביכלעך מיט ראָמאַנסן אויף פּראָקאָט. האָט זיך נעבעך שפּרינצל צוגעכאַפּט צו די דאָזיקע מעשה־ביכלעך און ראָמאַנסן, ווי צו עפּעס רעכטס, און זי האָט זיי דורכגעלייענט, זאָגט מען, אַ שטיקלעך הונדערט, און זי איז געוואָרן, ניט פאַר מיר געדאַכט, עפּעס אַזוי ווי צעמישט; זי רעדט מיט אַ משונה מאָדנע לשון, אַלץ אַזעלכע ווערטער, וואָס מע קאָן ניט פאַרשטיין; זי זאָגט, אַז מע רופט זי נישט שפּרינצל, נאָר „בערטע", און זי קוקט אַרויס אַלע מינוט, אַלע רגע, אַז אָט־אָט קומט עפּעס איינער, וואָס מע רופט אים „לאָרד", איר „באַ־שיצער", און גנבעט זי אַרויס דורך אַ פענצטער און פאַרפירט זי ערגעץ אין אַלדי שוואַרצע יאָר אַזש קיין לאָנדאָן, און פון לאָנדאָן קיין סטאַמבול... זאָל נישט קומען אַן אויסכאַפּעניש אויף די פוסטע קעפּ, וואָס טראַכטן אויס אַזעלכע ווילדע זאַכן, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן?...

## בריוו 19

מנחם־מענדל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינע־שיינדל אין כתרילעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינע־שיינדל שתחיה עכב"ב.

ראשית בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפן, מע זאָל תמיד האָרכן איינס פונעם אַנדערן נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסן, אַז מיר האָבן אַ גרויסן גאָט, הער אַ מעשה: אַז איך האָב אָנגעהויבן צו ווערן אַן אַריינגייער צו די בראָצקיס, בין איך געוואָרן אַ גרויסער חשוב אויף דער בערזע, און עס האָבן זיך צו מיר אָנגעהויבן צושאַרן מעקלערס

פון דער וועלט מיט טויזנטער געשעפטן: הייזער און אימעניעס און וועלדער און באַנען און פאַראַכאַדן און פאַבריקן אויף מיליאָנען, או אַלץ פון בראַצקיס וועגן! צווישן די דאָזיקע מעקלערס זענען פאַראַן אַ פּאָר שותפים, ניט קיי היגע, איינער טראָגט אַ טענדעווערענדע מיט אַ הענגקאַלנער, און דער אַנדערער הייסט מיט אַ משונה מאָדנע נאָמען, וואָס איך שעם זיך דיר אים אַרויסצושרייבן... אָט די צוויי מעקלערס האָבן מיך געפּאַקט איינמאָל בשעת איך בין געגאַנגען פון בראַצקין, און טענדעווערענדע האָט זיך אָנגערופן צו מיר בזה הלשון: „הערט זשע אויס, רב מנחם־מענדל, וואָס מיר ווילן אייך זאָגן. די מעשה דערפון איז אַזוי: מיר האָבן געהערט, אַז איר דרייט זיך דאָרט אַרום די בראַצקיס, מהכתיתי, לאָז איך גאָט העלפן, וואָס האָבן מיר צו אייך?" — „אם כן, זאָג איך, וואָס זשע ווילט איר?" „וואָס, זאָגט ער, זאָלן מיר וועלן? מיר ווילן דאָס, וואָס יעדער מעקלער וויל, מיר ווילן פאַרדינען, מיר זיינען אויך מעקלערס, מיר האָבן אויך געשעפטן, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַ ביסל אין אייער זכות, אַ ביסל אין אונדזער זכות, טאָמער וועלן מיר עפּעס מאַכן, וועלן מיר מאַכן אינאיינעם, עס וועט זיין „יחלוקו", ווינציקער פאַרדינט, אַבי פאַרדינט, ווי זאָגט מען: פון אַ קריוודע קאָכט מען וועטשערע..." — „על כל פנים, זאָג איך, צו וואָס טויג אונדז לאַנגע דיבורים? זאָגט בעסער, וואָס האָט איר? שעמט זיך ניט". „מיר האָבן, זאָגט ער, געשעפטן זייער אַ סך מיט גאָטס הילף. מיר האָבן קוילן אין פּאָלטאַווער גובערניע, מיר האָבן אייזן אין קאַניעווער אויעזד, מיר האָבן אַ מיל אַן אָפּגעברענטע אין פּערעיאַסלאַוו, מיר האָבן מאַשינעס אַזעלכע גאָר נייע, אַ פּינסקער ייִד האָט זיי אויסגעטראַכט, היינט האָבן מיר אַ פּריץ, וואָס וויל אויסבייטן אַ וואַלד אויף אַ „גוראַלניע", און אַ ייִדן האָבן מיר, וואָס וויל קויפן אַ גרויס הויז אין יעהופּעץ אַן געלט, היינט אימעניעס! וועלדער! טאָמער האָט איר קונים, וועלן מיר אייך געבן אימעניעס, אָדער טאָמער האָט איר אימעניעס, וועלן מיר אייך געבן קונים".

— „ניין, זאָג איך, מיט קיין אימעניעס און וועלדער האַנדל איך שוין מער ניט — אַן עק! איך האָב מיך, זאָג, מיט אימעניעס שוין אָפּגעבריט און האָב געגעבן זיך דאָס וואָרט, אַז איך זאָל קיין אימעניעס מיט קיין וועלדער מער אין די הענט אַריין ניט נעמען!" „עס, מאַכט צו מיר די טענדעווערענדע, אַלע געשעפטן זיינען דען גלייך? אָט האָבן מיר איצט אַ אימעניע אויף קאַווקאַז, אַ אימעניע מיט נאַפט, דאָס הייסט, אַזאַ מין ערד, וואָס עס שפּריצט פון דאָרט נאַפט, סע שפּריצט און סע שפּריצט און עס הערט גאָר נישט אויף צו שפּריצן! ס'איז גאָר אַ סברה, אַז די ערד קאָן דאָרט אַרויסוואַרפן אַ מיליאָן פוד נאַפט אין איין טאָג!"... „אויב אַזוי, זאָג איך, זענט איר פון מיינע מענטשן; אָט דאָט, זאָג איך, איז אַ געשעפט! אָט דאָס גיט אַהער!". און מיר זיינען אַוועק אַלע דריי אין דער „ייִדישער מאלאטשנע" (איך גיי שוין מער ניט צו סעמעדעניִן, ווייל דאָרט טרייבט מען אַרויס, גיי איך שוין אין דער „ייִדישער מאלאטשנע", פאַרט היימלעכער, צווישן ייִדן, מע קאָן זיצן און רעדן און טון וואָס מע וויל), און דאָרט האָבן מיר אַרומגערעדט דאָס געשעפט או געשלאָסן שותפות, און אַז ס'איז געקומען צום צעשרייבן זיך, האָבן זיי מיר

מגלה געווען דעם סוד, אַז ביי דעם געשעפט אַרבעטן נאָך צוועלעכע שותפים:
איינער מיט גראָבע ליפּן, דער אַנדערער אַ געלער, ער האַנדלט מיט זייגערלעך,
אַ מוראַדיקער בעל־מגזם, גאָט זאָל שומר ומציל זיין, און איינער מיט אַ רויטער
נאָז און מיט ווײַמפּערלעך, אויך אַ ווילדער בעל־מגזם, און נאָך איינער אַן אַלמן.
אַז איך האָב דערהערט אַזוי פיל שותפים, איז דאָס מיר אַפילו נישט אַזוי גע־
פעלן. טענדעווערענדע האָט אָבער איבער מיר אַזוי לאַנג געריידט און דערציילט
משלים, אַז איך האָב געמוזט מוסכם ווערן, מיר זאָלן זיך אַלע צעשרייבן אויף
פּאַפּיר, געווינטלעך, צווישן שותפים מוזן דאָך זיין טענות, איטלעכער האָט גע־
דרונגען אַז אים קומט אַ גרעסערער חלק. גאָט זאָל מיר נאָר מצליח זיין, איך
זאָל שוין מיטן אַנדערן צד זיין אַזוי פאַרטיק, ווי איך בין פאַרטיק מיט די מעק־
לערס, ווער, אם ירצה השם, זיין גאַרניט שלעכט, וואָרום ביי אָט אַזאַ מין געשעפט
ווי אַזוי פאַרדינט מען ניט כאָטש אַ מיליאָן קאָרבן? עס איז ביי מיר געבליבן,
אם ירצה השם, בלי נדר, טאָמער ווערט דאָס געשעפט, דינג איך מיר באַלד אַ
קאָנטאָרל אויף ניקאָלאַיעווסקי און איך ווער מיט גאָטס הילף אַ גרויסער מעקלער.
און מחמת איך בין פאַרנומען און האָב קיין צייט נישט, מאַך איך דאָס בקיצור.
אם ירצה השם, אינעם אַנדערן בריוו, וועל איך דיר אַרויסשרייבן אַלצדינג
באריכות. לעת־עתה זאָל גאָט געבן, עס זאָל זיין מיט געזונט און מיט הצלחה.
לאָז גריסן די קינדערלעך זאָלן לעבן און איטלעכן באַזונדער גאָר פריינדלעך.
ממני בעלך מנחם־מענדל

עיקר שכחתי. איך האָב אין זינען געהאַט דיר שרייבן עפּעס וועגן נויטיקס,
האָב איך פאַרגעסן וואָס. לאָז איך שוין, אם ירצה השם, איפן צווייטן מאָל.
הנ״ל

## בריוו 20

שיינע־שיינדל פון כתרילעווקע צו איר מאַן מנחם־מענדל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם המופלג מוהר״ר מנחם־מענדל נ״י.

ערשטנס קום איך דיר צו מעלדן, אַז מיר זיינען אַלע גאָט צו דאַנקען אין
בעסטן געזונט, געב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אָ, ווייטער ניט
ערגער.

צווייטנס שרייב איך דיר אין קורצן, וואָרום איך האָב שוין ניט קיין כח
מיט דיר צו רעדן. ס'איז ווי אַן אַרבעס אין דער וואַנט. ווי מיין מאַמע זאָגט:
„שפּיל דעם חתן ווײַנענדיקס, ער האָט זיך זיינס אין זינען"... ביסט טאַקע אוודאי
אַ גרויסער חשוב אין יעהופּעץ, וואָרום דו שטייסט דאָך ביי בראַצקין ביי דער
טיר. און סע קישעט ביי דיר מיט מיליאָנען, נאָר נאָך אַלעמען זאָלסטו ניט זיין
ביי זיך אַזוי גדולדיק. די מיליאָנען זיינען נאָך לעת־עתה ביי בראַצקין, ניט ביי
דיר, און עס קאָן זיך אויסלאָזן, אַז די ערד, וואָס שפּריצט מיט שמן־זית, זאָל גאָר

שפריצן מיט „מים־אחרונים־וואַסער", און אַז עס וועט קומען צו עפּעס, וועט זיך אויסלאָזן מיט פּעטש, און וועמען וועט מען פּאַטשן? — דיך! על כן איז מיין עצה, אַז דו זאָלסט זיך באַצייטנס אַרויסכאַפּן פון דאָרטן און קומען אַהיים. זאָלסט פאַרגעסן, וואָס ס'איז געווען ביז אַהער, טאָמער האָב איך דיר אַמאָל אָנגערירט מיט אַ וואָרט. ווי זאָגט די מאַמע: „בעסער אַ פּאַטש פון אַ פריינד, איידער אַ קוש פון אַ פיינט"... און קלאַפּ אַ טעלעגראַם און קום צו פאָרן וואָס גיכער, און לאָם איך פטור ווערן, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי שיינע־שיינדל

איך קאָן דיר דערציילן אַ נייעס, וואָס ביי אונדז האָט זיך פאַרלאָפן, עס קלינגט מיט דעם די וועלט! דו קענסט דאָך מאיר מאָטל משה־מאירס. האָט ער אַ טעכטערל ראַצל, איז דאָס אַ ראַצל פון גאָט, אַ גאַנצע גיורענע, אַ געביל־בעטע מאַמזעל, שיט מיט פראַנצויזיש, קלאַפּט אויפן טאַפּטשאַן, גייט זיך ניט צו־נויף מיט קיינעם. אַ קלייניקייט, זי קומט אַרויס אַזש פון קצבים! ווי זאָגט די מאַמע: „זכות אָבות איז קיין קאַטאָוועס"... הכלל, מע רעדט איר שידוכים פון דער וועלט, און זי פערעבענדיוועט נאָך; וואָס מע ווייזט איר געפעלט איר ניט. זי וויל אַ חתן דווקא מיט אַלע מעלות; ער זאָל זיין אי שיין, אי קלוג, אי רייך — דאָס טעלערל פונעם הימל! שדכנים האָבן געאַרבעט אויף אַלע כלים און מע האָט איר אַראָפּגעבראַכט אַ חתן, אַן אַנטיק, זאָגט מען, אַ קאַרפּירער אתרוג, און דווקא פון אַ קליין שטעטל, פון אוריטש! צונויפגעפאָרן זיך, האָט מען, געוויינטלעך, אַריינגעלאָזט חתן־כלה אין אַ באַזונדער חדר, זיי זאָלן זיך אָנקוקן. רופט זיך אָן די כלה צום חתן: „וואָס האַרכט מען ביי אייך מכח דרייפוסן?". מאַכט ער צו איר: „מכח וואָסער דרייפוסן?. רופט זי זיך אָן צו אים: „איר ווייסט ניט וואָסער דריי־פוס?". מאַכט ער: „ניין. מיט וואָס האַנדלט ער"... איז זי באַלד אַרויסגעלאָפן פונעם חדר און געפּאַלן חלשות, און דער חתן האָט נעבעך בחרפה געמוזט אַוועק־פאָרן צוריק קיין אוריטש — אַ מכה אים, אַ מכה איר, אַ מכה זיי ביידן! איך בעט דיך, מאַך מיר קלאָר, ביסט דאָך צווישן מענטשן: ווער איז אָט דער דרייפוס, וואָס עס קאָכט מיט אים אַזוי די וועלט?

## בריוו 21

מנחם־מענדל פון יעהופּעץ צו זיין ווייב שיינע־שיינדל אין כתרילעווקע.

**לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינע־שיינדל שתחי' עכב"ב.**

ראשית בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם, בקו החיים והשלום. השם יתברך זאָל העלפן, מע זאָל תמיד האָרכן איינס פונעם אַנדערן נאָר גוטס מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות — אָמן.

והשנית זיי וויסן, אַז מיט בראַצקין האָב איך מיך צעגאַנגען. דאָס הייסט, מיר האָבן זיך חלילה ניט צעקריגט, נאָר איך האָב אויפגעהערט גיין אַהין — וואָס איז

מיר בראַצקי, אַז איך שפּאַר שוין גאָר אָן צו ראָטשילדן קיין פּאַריז?! וועסטו דאָך מסתמא פרעגן, ווו קום איך, מנחם־מענדל, צו ראָטשילדן אַזש קיין פּאַריז? איז דער תירוץ טאַקע: ווידער קאַווקאַז און ווידער נאַפט! אַלע נאַפטן, וואָס אויף קאַווקאַז, זיינען זיינע, און אַליין זיצט ער אין פּאַריז. בלייבט דאָך די קשיא, ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? פאַלט מיר איין אַזאַ מין געדאַנק: פאַראַן ביי אונדז אויף דער בערזע אַ פויגל, וואָס ער הייסט טודרוס. אָט דער טודרוס איז געווען אַמאָל גאָר אַ גרויסער שפּעקולאַנט. אַז דער עולם האָט זיך אָפּגעשאָקלט מיט די עטלעכע גילדן, זיינען אַלע גרויסע שפּעקולאַנטן (און איך אויך בתוכם) געוואָרן מעקלערס, און טודרוס האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין פּאַריז און דרייט דאָרטן די גרעסטע געשעפטן אויף מיליאָנען! אויף מיין גליק באַדאַרף אַצינד טודרוס זיין הי אין יעהופּעץ. האָב איך מיך נישט געפוילט און בין אַוועקגעלאָפן צו אים אַהיים און האָב איך גאַנץ פיין איבערגעגעבן, אַז איך האָב אָנגעשמעקט אַן ערטל אויף קאַווקאַז, וואָס שפּריצט מיט נאַפט, און ווערליק מע הייסט זיך געבן דערפאַר אַ סך געלט, וויזט אויס, אַז דאָס געשעפט פּאַסט גאָר קיין פּאַריז. רופט זיך אָן צו מיר טודרוס: „איך האָב אַ קונה!“. פרעג איך: „ווער איז דער קונה?“. מאַכט ער: „ראָטשילד!“. „איר קענט זיך, זאָג איך, מיט ראָטשילדן?“. „צי איך קען זיך, מאַכט ער, מיט ראָטשילדן?“. „לאָמיר דאָס, זאָגט ער, ביידע פאַרמאָגן, וויפל געשעפטן איך האָב שוין מיט אים געמאַכט און וויפל געלט איך האָב ביי אים פאַרדינט!“. „האָט קיין פאַראיבל ניט, זאָג איך, אפשר וואָלט איר זיך מטריח געווען, זאָג איך, אַוועקשרייבן צו ראָטשילדן קיין פּאַריז?“. „אַוועקשרייבן, זאָגט ער, איז קיין קונץ נישט! איך בין טאַקע מיט אים ווי אַנדערע צווי, נאָר איינס צום אַנדערן געהערט זיך נישט אָן: מע באַדאַרף האָבן אַן אָפּיס מיט אַ פּלאַן, אַנדערש קאָן מען ניט“. בקיצור, איך בין אַוועק צו מיינע שותפים און האָב געבראַכט פון זיי אַן אָפּיס מיט אַלע זיבעצן זאַכן. נו, ווי געפעלט דיר, זוגתי היקרה, ווי אַזוי מנחם־מענדל שטעלט צונויף מיט גאָטס הילף אַ געשעפט? השם יתברך זאָל נאָר העלפן, עס זאָל אָנקומען די גוטע בשורה פון ראָטשילדן, פאַרשטייסטו שוין, וואָס פאַר אַ פּנים עס וועלן דעמאָלט האָבן ביי מיר אַלע יעהופּעצער מעקלערס ס'איז נאָר שלעכט דערוויילע, וואָס סע פעלט דאָס מזומנע דרייערל. זאָלסט זען וואָס עס טוט זיך ביי אונדז, ווי אַזוי די וועלט איז געענגט אין געלט. ממש מע גייט אויס, מע שטאַרבט נאָך אַ קערבל! מע קוקט אַרויס אַלע טאָג אויף גרויסע אָנזעצן. נאָר זאָרג נישט, זוגתי היקרה, ס'איז אַלץ ביז אַ צייט; פאַר אונדזער עגמת־נפש, וועלן מיר, אם ירצה השם, האָבן גרויס נחת. לאָז נאָר אָנקומען די גוטע בשורה פון פּאַריז, וועל איך מיך שוין אַריינכאַפּן אין קלייט אַריין, ווּעל איך שוין אין זינען האָבן, אם ירצה השם, אי זיך, אי דיך, אי די קינדערלעך, אַלע זאָלן געזונט זיין. און מחמת איך בין פאַרנומען און האָב קיין צייט ניט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם, אינעם אַנדערן בריוו וועל איך דיר אַרויסשרייבן אַלצדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט הצלחה. גריס די קינדערלעך און איטלעכן באַזונדער גאָר פריינדלעך.

ממני בעלך מנחם־מענדל.

עיקר שכחתי. וואָס דו פרעגסט זיך אָן אויף דרייפוסן, איז דאָס זייער אַ שיינע מעשה. אַזוי איז געווען די געשיכטע: אין פּאַריז איז געווען דרייפוס אַ קאַפּיטאַן, דאָס הייסט, ס'איז געווען אַ קאַפּיטאַן, וואָס האָבן געהייסן דרייפוס. און עסטערהאַזי איז געווען אַ מאַיאָר (אַ מאַיאָר איז עלטער פון אַ קאַפּיטאַן, און אפשר, פאַרקערט, אַ קאַפּיטאַן איז עלטער). איז ער געווען, דאָס הייסט דרייפוס, אַ ייִד, און עסטערהאַזי, דער מאַיאָר, אַ קריסט. האָט ער אָנגעשריבן אַ באָרדערעאָ. דאָס הייסט, דער מאַיאָר עסטערהאַזי האָט געשריבן די באָרדערעאָ, און האָט אַרויפגעלייגט די גאַנצע באָד אויף אים, אויף דרייפוסן. איז געגאַנגען דרייפוס און האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן. האָט מען אים געמשפט, ער זאָל זיצן אײביק אויף אַן אינדזל אין מיטן ים איינער אַליין פאַרשפּאַרט. איז געגאַנגען זאָלאַ און האָט געמאַכט אַ גוואַלד, און האָט אויסגעוויזן מיט ראיות, אַז ס'טייטש, ער ווייסט פאַר קלאָר, אַז ס'איז ניט דרייפוס וואָס האָט געשריבן די באָרדערעאָ; וואָס האָט איר צו אים, ס'איז דאָך גאָר דעם מאַיאָרס אַרבעט, עסטערהאַזיס! איז מען געגאַנגען און מע האָט אים געמשפט, ער זאָל אויך זיצן. האָט ער זיך מיישב געווען, טאַקע זאָלאַ, און איז גאָר אַנטלאָפן. איז געגאַנגען נאָך איינער, פּיקער, אַ פּאָלקאָווניק, און האָט אויך אָנגעהויבן שרייען און ליאַרעמען. איז אַרויסגעשפּרונגען מערסי, דווקא אַ גענעראַל, און נאָך איינער ראָזשע, אויך אַ גענעראַל, און נאָך אַ סך גענעראַלן, און האָבן געזאָגט פאַלשע עדות אויף דרייפוסן, איז געוואָרן אַ געפּילדער צווישן די פראַנצויזלעך, מע זאָל אים אַראָפּברענגען, טאַקע דרייפוסן. האָט מען אים געבראַכט צו פירן קיין רען אויפן משפט. איז געקומען צו פאָרן אַן אַדוואָקאַט פון פּאַריז. האָט מען אים געוואָלט שיסן. האָט מען אים געשאָסן פון הינטן. האָט ער געמאַכט פו אַלע גענעראַלן אַ פּלעדערוויש. און דרייפוסן האָט מען פונדעסטוועגן ווידער אַמאָל פאַרמישפּט. נאָר מע האָט אים אָבער באַלד אַרויסגעלאָזט. דאַס הייסט, יאָ שולדיק, און פאָרט ניט שולדיק — און רוף אונדז קנאַקניסל!... היינט פאַרשטייסטו שוין די מעשה מיט דרייפוסן ?

הנ"ל.

## בריוו 22

שיינע־שיינדל פון כתרילעווקע צו איר מאַן מנחם־מענדל אין יעהופּעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם המופלג מוהר"ר מנחם־מענדל נ"י.

ערשטנס קום איך דיר צו מעלדן, אַז מיר זיינען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אויף ווייטער ניט ערגער.

צווייטנס שרייב איך דיר ,אַז דו ביסט ניט ווייט פון אַ משוגענעם, עס גייט דיר אָפּ נאָר איין זאַך — נעמען אַ שטעקל און לויפן איבער די גאַסן! האָסטו געהערט אַ ביסל אַ גדולה: ער שפּריצט מיט גאַז, פליט קיין פּאַריז, וואַרפט מיט מיליאָנען! ער גלייכט זיך צו די יעהופּעצער נגידים. זיי האָבן קיין געלט ניט, און ער האָט קיין געלט ניט. ווי זאָגט די מאַמע: „בין איך מיר אויך אַ בהמה און פגר אויך

אין דער טשערעדע"... געדענק מיין וואָרט, מענדל, אַז מע וועט דיך ברענגען אַהיים אָדער אין קייטן, אָדער אין אַ ליילעך, אַזוי ווי דו ביסט ווערט, בכדי דו זאָלסט געדענקען, אַז דו האָסט אַ ווייב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס פאַרשטייט מער פון דיר. און פאַר דיינע מתנות, מענדל, וואָס דו ווילסט מיר אָננעמען, דאַנק איך דיר זייער. לאָז זיי גאָט העלפן אַזעלכע קונים אַ סך ווי דו מיט דיינע שותפים די ליגנערס, וואָס פאַרדינען מילי־מילאָסן און פגרן פאַר אַ גראָשן, הלוואי וואָלט עס ניט ערגער, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דיין באמת געטרייע פרוי שיינע־שיינדל.

די מעשה פון דרייפוסן, וואָס דו האָסט מיר באַשריבן, זאָל איך אַזוי וויסן בייז, ווי איך פאַרשטיי אַפילו איין וואָרט! ווי קומט אַ ייִד זיין אַ קאַפּעטאַן, און וואָס פאַר אַ מין באנדערא, וואָס איינער לייגט אַרויף אויף דעם אַנדערן? צו וואָס האָט דער זאָלאַ באַדאַרפט אַנטלויפן, און וואָס האָט מען אים געוואָלט שיסן, און פאַר וואָס עפּעס פון הינטן, נישט פון פאָרנט?... ווי זאָגט די מאַמע: „ציגן זאָלן אַזוי וויסן פון פרעמדע גערטנער, ווי ער ווייסט וואָס סע טוט זיך מיט אים"...



# דער פאַרכשופטער שניידער

## קאַפּיטל א.

איש היה בזלאַדיובקי — אַ מענטש איז געווען אין זלאַדייעווקע, אַ שטעטל, וואָס ליגט אין דער סביבה פון מאַזעפּעווקע; ושמו שמעון אליהו — און זיין נאָמען איז געווען שמעון־אלי, און גערופן האָט מען אים „שמעון־אלי שמע־קולנו", מחמת ביים דאַווענען אין שול האָט ער געהאַט אַ טבע שרייען, אַרבעטן, זינגען און ציקלען זיך אויף אַלע קולי־קולות. והיה האיש חייט — און געווען איז דער מענטש אַ שניידער, נישט חלילה פון די געהויבענע שניידערס, נאָר אַ שניידער אַ לאַטניק, אַ גרויסער מומחה, הייסט דאָס אויף לייגן אַ לאַטע, אָדער איבערניי־צעווען וואָס פאַר אַ מלבוש איר ווילט אויף דער לינקער זייט, ממש מאַכן פון אַלט ניי. מיינט נישט אַז דאָס איז אַזאַ גרינגע אַרבעט! און אויף דעם איז „שמעון־אלי שמע־קולנו" געווען איין בריה אין דער וועלט. און מחמת זלאַדייעווקע איז זייער אַן אָרעם שטעטל, וואָס דאָרטן מאַכן נייע מלבושים איז עפּעס נישט אַזאַ געוויינלעכע זאַך, האָט מען דעריבער געהאַלטן פון שמעון־אלי אין זלאַדייעווקע אַן עולם ומלואו. איין חסרון נאָר, וואָס ער האָט נישט געקענט אויסקומען מיט די נגידים, ליב געהאַט אַריינקוקן אין קהלשע זאַכן, זיך אָננעמען אַן דער קהיוודע פון די אָרעמע לייט, רעדן גאַנץ אָפּגעלעך אויף די בעלי־טובות, וואָס זיינען זיך עוסק בצרכי צבור...

צווישן בעל־מלאכות, חברה „פּועלי־צדק", האָט זיך „שמעון־אלי שמע־קולנו" געדערכנט פאַר אַ „יודע נגן"; אויף זייער שפּראַך האָט דאָס געהייסן: אַ מענטש וואָס פאַרשטייט אין די קליינע אותיותלעך, מחמת שמעון־אלי פלעגט שיטן מיט פּסוקים, מיט גאַנצע שטיקער גמרא און מיט מדרשים, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן: „עמך"... „קטנתי"... „אגיל ואשמח"... „היום הרת עולם"... „ויתרוצצו ויתפּוצצו"... „וואָס טיבע יוצר המאורות"... „ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן"... וכדומה אַזעלכע לשון־קודשדיקע ווערטער, וואָס זענען ביי אים תמיד געווען גרייט. און דערצו האָט ער נאָך געהאַט נישקשה פון אַ קולכל, איז ער געווען קלאָר אין אַלע נוסחאות, מיט אַלע ניגונים, מיט אַלע תפילות אויף אויסנווייניק, און האָט

ליב געהאַט דעם עמוד מיט סכנת־נפשות, און איז געווען גבאי אין שניידערשן שולכל, געכאַפּט פּעטש ווי אַ האָלץ, צום מיינסטן שמחת־תורה צו „אתה הראית", ווי געווינלעך.

הקיצור הדבר: שמעון־אלי איז געווען דאָס, וואָס מען רופט אָן אַן „אָרעמס און אַ פרײלעכס". געווען איז ער אַ נידעריקער, אַ פאַרזעעניש, אַרומגעשטעקט מיט נאָדלען און מיט שטיקלעך וואַטע אין די געקרייזלטע שוואַרצע האָר; געגאַנגען איז ער תמיד מיט אַ טענצל און מיט אַ לידל אונטער דער נאָז: „היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט!".

והיו לו בנים ובנות — און ער איז געווען אַ מטופל מיט קינדער און אַלערליי ווּקסן, צום מיינסטן טעכטער, צווישן זיי עטלעכע דערוואַקסענע; ושם אשתו — אין זיין ווייב האָט געהייסן ציפּה־ביילע־רייזע, און זי איז געווען זיין „כנגדו", דאָס הייסט, פּונקט דער היפך פון אים: אַ הויכע, אַ רויטע, אַ געזונטע, אַ יידענע אַ קאָזאַק, פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס נאָך דער חופּה, האָט זי אים געבומען אין די הענט אַריין און נישט אַרויסגעלאָזט אים; זי איז געווען דער מאַן, נישט ער! זי פלעגט אויף אים עפּענען אַ מויל, פלעגט ער פאַרציטערט ווערן; — היום הרת עולם — נאָר נישט געזאָרגט! אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן: „והוא — און ער, דער מאַן, הייסט דאָס, ימשול — זאָל טון טאָן געוועלטיקן, בך — אין דיר". איז פאַרפאַלן! עס מעגן קומען כל מלכי מזרח ומערב, וועט זיך זיי נישט העלפן!...

ויהי היום — טרעפט זיך אַ מעשה. ציפּע־ביילע־רייזע קומט צו גיין איינמאָל זומער מיטן קאָשעק פונעם מאַרק, טוט אַ שמיץ דאָס בינטל קנאָבל מיטן ביסל פּעטרעשקע מיט די קאַרטאָפליעס, וואָס זי האָט איינגעקויפט, און רופט זיך אָן מיט כעס:

— לאָז דאָס גיין אין דער ערד אַריין! שוין נמאס ומאוס געוואָרן אַלע טאָג, אַלע טאָג זיך ברעכן דעם מוח, צו טראַכטן, וואָס קאָכט מען וואָרעמס. מען באַדאַרף האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער! ווידער אַמאָל טייגלעך מיט פאַסאָליס און אָבער אַמאָל טייגלעך מיט פאַסאָליס, גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד! אָט, למשל, נחמה־ברכה, אַזאַ קבצנטע, אַזאַ עניטע, אביונטע, אַזאַ דלפונטע, באַדאַרף זי האָבן אַ ציג! פאַר וואָס? וואָרום זי האָט אַ מאַן לייזער־שלמה, טאַקע אַ שניידער, נאָר פאָרט אַ מענטש! אַ קלייניקייט אַ ציג? פאַראַן אַ ציג אין שטוב, איז פאַראַן אַ גלעזל מילך פאַר די קינדער; מע קאָן אָפּקאָכן אַמאָל אַ קאַשע מיט מילך, אָפּשטופּן אַ וואָרעמס, יוצא זיין מיט אַ וועטשערע, אַ מאָל אַ קריגל פיד־סמעטענע, אַ שטיקל קעז און פּוטער — אַ חיות!

ביזט נעבעך אַוודאי זייער גערעכט! — מאַכט שמעון־אלי געלאַסן. — פאַראַן אַ מדרש: כל ישראל יש להם חלק — איטלעכער ייד דאַרף האָבן אַ ציג. ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן...

— וואָס טויג מיר דיין פּסוק? — צעשרייט זיך ציפּע־ביילע־רייזע. — איך זאָג אַ ציג, זאָגט ער גאָר אַ פּסוק? מיר דאַכט, אַז איך וועל דיר געבן אַ פּסוק, וועט דיר ווערן פּסיקדיק אין די אייגן! מיט פּסוקים גאָר האָדעוועט ער מיך, דער

שיינער ברויטגעבער מיינער, דער שלים־מזל! הערסט? איך וועל דיר די גאַנצע תורה דיינע אָוועקגעבן פאַר אַ באָרשט אַ מילכיקן!...

און כדומה נאָך אַזעלכע מינים „אָנצוהערנישן” האָט אים געגעבן ציפּע־ביילע־רייזע עטלעכע מאָל אין טאָג, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז שמעון־אלי האָט איר צוגעזאָגט און געגעבן האַנט תקיעת־כף, אַז זי מעג שלאָפן רויִק, עס וועט שוין זיין, מיט גאָטס הילף, אַ ציג. דער עיקר — בטחון. „היום הרת עולם” — נאָר נישט געזאָרגט!”...

פון דעמאָלט אָן האָט שמעון־אלי אָנגעהויבן קלייבן אַ גראָשן און אַ גראָשן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ סך נויטיקע זאַכן, פאַרמשכנט די שבתדיקע קאַפּאָטע



שלום עליכם און י. ד. בערקאָוויטש (1913)

אויף אויסצאָלן וואָכנטלעך און צונויפגעשלאָגן זיך עטלעכע קערבלעך, און ס׳איז געבליבן, אַז ער נעמט די ממתקים און גייט זיך דורך קיין קאָזאַדאָיעווקע קויפן אַ ציג. וואָס עפּעס קיין קאָזאַדאָיעווקע? איז דערינען געווען צוויי טעמים: ראשית, איז קאָזאַדאָיעווקע אַן ערטל פון ציגן, וואָס דער נאָמען אַליין באַווייזט שוין דערויף: קאָזאַדאָיעווקע איבערגעזעצט אויף יידיש קומט אויף „ציגמעלקנדיקע”. והשנית, האָט ציפּע־ביילע־רייזע געהערט דערציילן פון אירער אַ שכנה, וואָס זי רעדט נישט מיט איר שוין פון עטלעכע יאָר, אַז יענע האָט געהערט פון איר שוועסטער, וואָס

איז נישט לאַנג געווען ביי איר צוגאַסט פון קאָזאַדאַיעווקע, אַז דאָרט איז פֿאַראַן אַ ייד אַ מלמד, רופט מען אים „חיים־חנא דער קלוגער" בלשון סגי־נהור, דערפאַר, וואָס ער איז אַ גרויסער שוטה; האָט דער חיים־חנא דער קלוגער אַ ווייב, רופט מען זי „טעמע־גיטל די שטילשווייגנדיקע", דערפאַר וואָס זי האָט אין זיך ניין מאָס רייד; האָט די טעמע־גיטל די שטילשווייגנדיקע צוויי ציגן, און בײדע מעלקן זיך. פרעגט זיך אַ קשיא: פאַר וואָס קומט איר צוויי ציגן, און נאָך מעלקנדיקע דערצו? אַ גרויסער אומגליק וואָלט געווען, כ'לעבן, זי זאָל נישט האָבן איינע אַפילו! פֿאַראַן, ברוך־השם, יידן, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין האַלבע ציג אַפילו — נו, אם כן? שטאַרבן זיי דען?

— ביסט זייער גערעכט! — זאָגט שמעון־אלי צו זיין ווייב. — הערסטו, דאָס איז שוין אַן אַלטע טענה, ככתוב, ווי אין פסוק שטיי_

— שוין! ער איז שוין ווידער דאָ מיט זיין פסוק! שלאָגט אים איבער זיין ווייב. — מע רעדט פון אַ ציג, קומט ער מיט אַ פסוק! דו גיי זיך דורך בעסער אַהינצו, צום קאָזאַדאַיעווקער מלמד, און זאָג אים אַזוי און אַזוי: מיר האָבן געהערט, אַז ס'איז ביי אייך פֿאַראַן צוויי ציגן און בײדע מעלקנדיקע. וואָס באַדאַרפט איר צוויי מעלקנדיקע ציגן? אויף כפרות? ווילט איר דאָך מסתמא איינע פון זיי פאַרקויפן — פאַרקויפט זי מיר!... אַזוי טאַקע זאָלסטו מיט זיי רעדן, דו פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי, וואָס דען, איך פאַרשטיי נישט? — זאָגט שמעון־אלי. — פאַר מיט געלט באַדאַרף איך זיך נאָך בעטן? פאַר געלט קריגט מען אַלץ אין דער וועלט — כסף וזהב מטהר חזירים.

— ווידער אַ מאָל אַ פסוק!...

## קאַפּיטל ב.

הבוקר אור — ס'איז נאָר טאָג געוואָרן, האָט זיך אונדזער שניידער געפּע־דערט, אויפגעשטאַנען און אָפגעדאַוונט, גענומען מיט זיך דאָס שטעקל מיטן גאַרטל און איז אַוועק אין וועג אַריין בשלום צו־פוס.

גייט שמעון־אלי און קלערט: וואָס וואָלט גאָט געאַרט, ווען איטלעכער בעל־מלאכה, אַ שטייגער, זאָל זיך קאָנען, כאָטש איין מאָל אין דער וואָך, אַרויסגיין אַהערצו־צו, אויפן פרייען פעלד, אַ ביסל געניסן פון גאָטס וועלטל? אַי אַ וועלטל, אַ וועלטל!... און שמעון־אלי הייבט אָן אונטערצוזינגען און פאַרטייטשן אויף זיין שטייגער: — אתה יצרת — דו האָסט, גאָט, באַשאַפן, עולמך — דיין וועלטל, מקדם — אויף יענער זייט שטאָט; בחרת בנו — האָסט אונדז אויסדערוויילט, די יידעלעך, מיר זאָלן זיצן דאָרטן אין זלאַדייעווקע אין דער ענגשאַפט, קאָפּ־אויף־קאָפּ, אין אַ דערשטיקעניש; ותתן לנו — און דו האָסט אונדז געטאָן געבן... אוי, צרות האָסטו אונדז געטאָן געבן מיט ווייטיקן, מיט דלות, קדחת מיט רביעית האָסטו אונדז גע־געבן, ברחמיך הרבים — בים־בים־בים!...

אַזוי זינגט זיך שמעון־אלי שטילערהייט, און דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט

אַן אַרבעט, און זאָגט צו זיך אַליין: — „עד כאן אומרים בשבת הגדול — געגוג, שמעון־אלי, צו זינגען. הלך לעולמו — שפּאַן, ברודער, שפּאַן, אַפּרוען וועסטו זיך שוין, אם ירצה השם, אין דער דעמבעגעער קרעטשמע. דאָרט האָסטו אַ שטיקל שאר־בשרי, דודי רענדאַר. דאָרט קריגט מען צו יעדער צייט אַ ביסל משקה, ווי אין פּסוק שטייט: ותלמוד תורה כנגד כולם — אַ ביסל מהכתיתי איז בילכער פון אַלץ"... און שמעון־אלי שמע־קולנו שפּאַנט ווייטער.

## קאַפּיטל ג.

באמצע הדרך — פּונקט אין דער מיט וועג, צווישן די צוויי שטעט זלאַדייעווקע און קאַזאַדאַיעווקע, שטייט אַ פעלד־קרעטשמע, וואָס מען רופט זי „די דעמבענע". די דאָזיקע קרעטשמע האָט אין זיך אַ כח, עפּעס גאָר אַ מאַגנעט, וואָס זי ציט צו זיך אַלע בעלי־עגלות מיט אַלע פאַרשוינען — מע מוז זיך אָפּשטעלן אין דער „דעמבענער" קרעטשמע כאָטש אויף עטלעכע מינוט! קיינער ווייסט ניט דעם סוד דעפון נאָך ביז עד היום.

אַז דודי האָט דערזען שמעון־אלין, האָט ער אים אָפּגעגעבן אַ גאַנץ ברייטן ברוך־הבא, מחמת דודי דער רענדאַר האָט פּשוט מורא געהאַט, נישט נאָר פאַרן קרוב אַליין ווי פאַרן קרובס פּיסק.

— אַ, אַ גאַסט, אַ גאַסט! וואָס מאַכט עפּעס אַ ייִד שמעון־אלי? וואָס מאַכט עפּעס דיין ציפּע־ביילע־רייזע? וואָס מאַכן עפּעס דיינע קינדער

— עט, מה אנו מה חיינו — וואָס זאָלן מיר מאַכן? — האָט אים דער שנייַדער געענטפערט מיט אַ פּסוק, ווי זיין שטייגער איז. — מי ברעש ומי במגפה — אַמאָל אַזוי, אַמאָל אַזוי, אַבי מען איז געזונט... וואָס מאַכט איר עפּעס מיין טייערער קרוב? וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך אין דאָרף? זכרנו את הדגה — איך געדענק נאָך אייערע וואַרעניקעס פון פאַראַיאָרן מיטן ביסל משקה, דאָס איז דאָך ביי אייך דער עיקר. אַריינגקוקן אין אַ ספר האָט איר דאָך פיינט. למה רגשו גוים — וואָס טויג אייך אַ ייִדיש וואָרט!

— שוין? דו האָסט שוין אָנגעהויבן מיט דיין לאָקשן־קוילעטש? — מאַכט דודי און טראָגט אים אונטער אַ ביסל בראָנפן. — דו זאָג בעסער, שמעון־אלי, וווהין פאָרט דאָס אַ ייִד?

— אַ ייִד פאָרט נישט, — זאָגט שמעון־אלי און מאַכט אַ כוסה — אַ ייִד גייט צו־פוס. ווי מיר זאָגן אין הלל: רגליהם ולא יהלכו — האָסט פיס, ביסט נישט קראַנק צו שפּאַנען"...

— אויב אַזוי, — מאַכט דודי — זאָגט זשע מיר, סערדצע, וווהין שפּאַנט אַ ייִד?

— אַ ייִד שפּאַנט — זאָגט שמעון־אלי און מאַכט נאָך אַ כוסה — קיין קאַזאַדאַיעווקע שפּאַנט ער, האַנדלען ציגן, ככתוב, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: עזים תעשה לך — ציגן זאָלסטו קויפן...

— ציגן? — פרעגט אים דודי פאַרחידושט. — ווי אַזוי קומט אַ ייִד אַ שנייַ־דער האַנדלען מיט ציגן?

— עס רעדט זיך אַזוי „ציגן"! — מאַכט שמעון־אלי. — מיינען מיין איך אַ ציג, טאַמער וועט מיר גאָט צושיקן, הייסט דאָס, אַ ציג אַ רעכטע, נישט טייער, דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציג נישט געקויפט; נאָר מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, זי וויל אַ ציג! און אַ ווייב, זאָגט איר דאָך, באַדאַרף מען פאָלגן, דאָס איז דאָך אַ בפירושער „מדרש־פליאה", האַ איר געדענקט דעם „מדרש־פליאה" ?

דודי דער רענדאַר האָט פאַרשטאַנען דעם שטאָך; ער האָט פאַרביסן אַ ליפּ און האָט זיך געטראַכט: „וואָרט, וואָרט, דו שניידערוק, דו פאַלגע! ביסט מיר היינט צו גייציק, און דו באַווייזט זיך מיר היינט צו פיל אַרויס מיט דיין תורה! וועסט שוין ביי מיר האָבן אַ ציג, וועסטו זיך קראַצן!"... און שמעון־אלי האָט זיך געהייסן אָנגיסן נאָך אַמאָל פון יענעם ביטערן טראָפּן, וואָס איז אַ רפואה צו אַלע צרות.

עוד היום גדול — דער טאָג שטייט נישט! — זאָגט שמעון־אלי, נאָך אַ פּאָר גלעזלעך, — אַ גוטן טאָג, רבֿ דודי, חזק, חזק ונתחזק! — זייט מיר געזונט און שטאַרק און מאַכט וואָרעניקעס!

— פאַרגעס־זשע נישט, — מאַכט צו אים דער רענדאַר — אם ירצה השם צוריקוועגס, אַז גאָט וועט שענקן דאָס לעבן, למען־השם, זיך אָפּשטעלן ביי מיר.

## קאַפּיטל ד.

ויצא, שמעון־אליהו מזעמבינע — און „שמעון־אלי שמע־קולנו" איז אַרויס־געגאַנגען פון דער דעמבענער קרעטשמע בגילופין, גאַנץ פריילעך, ויבוא — און ער איז געקומען בשלום, געזונטערהייט, קיין קאָזאָדאָיעווקע.

אַז דער שניידער איז אַריינגעקומען צו רב חיים־חנא דעם קלוגן, האָט ער אים געטראָפן ביי דער אַרבעט, ווו ער איז געזעסן מיטן גרויסן טלית־קטן און מיט דער שפּיציקער יאַרמעלקע איבער דער גמרא און געלערנט מיט די תלמידים מיט אַ ניגון אויף קולי־קולות די גמרא בבא־קמא: ההוא ברזוא — די דאָזיקע ציג, וואָס זי האָט דערזען אַ מין עסנוואַרג פון אויבן אויפן פעסל, האָט זיך די ציג צוגעכאַפּט צום עסנוואַרג"...

שמעון־אלי שמע קולנו האָט אַרויסגעזען, אַז מיטן מלמד האָט ער נישט וואָס צו רעדן, האָט ער זיך גענומען צו דער מלמדקע, און בשעת דער מלמד האָט דאָ געלערנט מיט זיינע תלמידים מכּה דער ציג פון דער גמרא, האָט שמעון־אלי דער שניידער געהאַלטן אַ שמועס מיט טעמע־גיטל די מלמדקע מכּה איר ציג.

— איך בין, ווי איר זעט מיך, אַ ייִד אַ בעל־מלאכה. — האָט צו איר געזאָגט שמעון־אלי דער שניידער. — אפשר האָט איר געהאַרכט פון מיר — איך בין שמעון־אלי חייט מק"ק זלאַדייעווקע, חברה־מאַן אין צעך און גבאי אין שניידערשן שולכל. געקומען בין איך, הייסט דאָס, צו אייך טאַקע מכּה איינע פון אייערע ציגן, דאָס

הייסט, איך וואָלט קיין ציג נישט געקויפט, נאָר אַזוי ווי מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, האָט זיך איינגעשפּאַרט: הכצעקתה — איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ ציג!

טעמע־גיטל, אַ קליין ווייבל מיט אַ נעזל ווי אַ פּאַסאָלי, וואָס זי טוט דאָס אַלע מאָל אַ וויש מיט צוויי פינגער, האָט אים אויסגעהערט אַ ביסל, און באַלד איבער־געשלאָגן אין מיטן:

— זענט איר געקומען, הייסט דאָס, צו מיר אָפּהאַנדלען ביי מיר איינע פון מיינע ציגן? וועל איך אייך זאָגן אַזוי, מיין ליבער ייד: ערשטנס, האָלט איך נישט ביי פאַרקויפן קיין ציג, וואָרום, לאָמיר זיך נישט נאַרן, צו וואָס זאָל איך דאָס טון? צוליב געלט? וואָס איז געלט? געלט איז קיילעכיק! געלט גייט אַוועק און אַ ציג בלייבט אַ ציג, ובפרט נאָך אַזאַ ציג! ס'איז דען אַ ציג? אַ מאַמע, זאָג איך אייך, נישט קיין ציג! נאָר גאָר נישט, אויב מע זאָל מיר באַצאָלן אַ רעכטן מקח, בין איך מיך מיישב: געלט איז, ווי זאָגט איר, אַ יצר הרע, פאַר געלט קאָן איך קויפן אַן אַנדער ציג, כאָטש אַזאַ ציג ווי מיין ציג איז שווער צו קריגן, נאָר שאַ! וואָס טויג ווערטער? אָט פיר איך אייך אַריין די ציג, וועט איר זען!...

און טעמע־גיטל לויפט אַוועק, פירט אַריין די ציג און ווייזט אַ פולן קריגל מיט מילך, וואָס זי האָט ערשט היינט אָנגעמאָלקן.

דערזען מילך, האָט זיך דער שניידער אַזש אָנגעהויבן באַלעקן, און רופט זיך אָן:

— זאָגט זשע מיר, מיין ליבע ידענע, מה יקר? דאָס הייסט, כמה מעלות טובות — וויפל קאָנט איר זיך הייסן אָנמעסטן פאַר אייער ציג, אַ שטייגער?

— וואָס איז שייך וויפל? — זאָגט איר אייער מקח פאַר אַזאַ ציג! לאָמיר האָרכן!

— הערסטו! — שלאָגט איבער דער שניידער אין מיטן. — אָט דערפאַר וויל איך דאָך זי קויפן, וואָס זי איז אַ ציג, נישט קיין פּיפּערנאָטער! דאָס הייסט, איך וואָלט קיין ציג גאָר נישט געקויפט, איך באַדאַרף זי אויף ניין און ניינציק כפּרות, נאָר אַזוי ווי מיין ווייב זאָל לעבן, ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס, האָט זיך איינ־געשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעק...

— הערסטו! אָט דאָס זאָג איך דאָך! — פאַלט אים אַריין טעמע־גיטל אין די רייד אַריין און הייבט ווידער אָמאָל אויסרעכענען די מעלות פון איר ציג. לאָזט זי נישט דער שניידער און שלאָגט איר איבער אין מיטן, און אַזוי שלאָגן זיי זיך איבער איינס דאָס אַנדערע אַזוי לאַנג, ביז זייערע טענות גיסן זיך צונויף איינ־איינעם, און עס קומט אויס אַ מיש־מאַש, אַ קאַשע מיט אַ באָרשט און מיט לאָקשן: „אַ ציג אַ מאַמע, נישט קיין ציג... איך וואָלט קיין ציג נישט געקויפט... אַ „פּילע" פון קלייען... זי האָט זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה... געלט איז קיילעכיק... אַן עין־הרע, איר גרינג מעלקן זיך... ציפּע־ביילע־רייזע הייסט דאָס... זי עסט דען עפּעס... איין מאָל פאַר אַלע מאָל: הכצעקתה... דאָס איבעריקע — שטרוי פונעם דאַך פון בית־מדרש... אַ ווייב באַדאַרף מען פאָלגן... אַ ציג? אַ מאַמע, נישט קיין ציג!"...

— טאָמער וואָלט שוין געווען געגנוג. אייך צו ציגן, טאָמער? — שלאָגט זיי איבער חיים־חנא דער קלוגער אין מיטן און דרייט זיך אויס מיטן פּנים צום ווייב.
— האָסטו געהערט אַ ביסל? מע האַלט אין מיטן אַן ענין האַלט מען, מכּח „נזיקין״, און זיי: ציג־ציג! ציג־ציג! ממה נפשך, אָדער פאַרקויף זיי די ציג, אָדער פאַרקויף זיי נישט די ציג. ציג־ציג! ציג־ציג! סע ציגט מיר שוין אין קאָפּ ציגט מיך!

— געוועכט! — רופט זיך אָן שמעון־אלי. וווּ תּורה, דאָרט איז חכמה! ממה־נפשך, וואָס באַדאַרף מען דאָ לאַנג רעדן? לי הכסף ולי הזהב — מיין געלט, אייער סחורה. זאָגט. –

— איר זאָגט בעסער, וואָס גיט איר מיר פאַר דער ציג? — מאַכט טעמע־גיטל שטילערהייט, בייגט זיך איין ווי אַ קעצעלע, און טוט אַ וויש די ליפּן הין און צוריק.

— אַ משל כּחרס הנשבר! — זאָגט שמעון־אלי אויך שטילערהייט. — וואָס הייסט, איך זאָל זאָגן? וואָס בין איך פאַר אַ זאָגער וואָס? איך זע, אַז ס׳איז אַל תּקשו לבבכם — אַרויסגעוואָרפן מיין טרחה; איך וועל ביי אייך, אַפּנים, היינט קיין ציג נישט קויפן! האָט קיין פאַראיבל נישט, וואָס איך האָב אייך דערקוטשעט!..

און שמעון־אלי דרייט זיך אויס מיטן פּנים צו דער טיר און האַלט כּלומרשט ביי אַוועקגיין.

— זעט נאָר, זעט! — מאַכט טעמע־גיטל און טוט אים אַ נעם ביים אַרבל.
— וואָס האָט איר אַזוי קיין צייט נישט, דער טייך ברענט? ממה־נפשך, עפּעס האָט איר דאָך אָנגעהויבן רעדן מכּח אַ ציג...

בקיצור, די מלמדקע האָט געזאָגט איר מקח, דער שניידער האָט געזאָגט זיין מקח; מע האָט זיך אויסגעגלייכט. שמעון־אלי האָט אויסגעציילט די ממתּקים, גע־נומען די ציג אויפן גאַרטל, טעמע־גיטל האָט באַשפּיגן דאָס געלט, וואָס זי האָט געלייזט פאַר דער ציג, צוגעווינטשעוועט דעם שניידער, ס׳זאָל זיין מיט מזל־ברכה:
— גייט געזונט, און זייט געזונט, און פאַרנוצט געזונט!...

— אמן, גם אתּם! — מאַכט דער שניידער און וויל זיך לאָזן גיין צו דער טיר, וויל די ציג נישט גיין, דרייט מיט די הערנער, שפּאַרט זיך איין מיט די הינטערשטע פיסלעך און מאַכט אויף אַ הילכיק קולכל און ציקלט זיך, ווי אַ יונג חזנדל, וואָס גייט דעם ערשטן מאָל צום עמוד: מהההההה פשעי! ומהההההה חטאתי!... ווי איינער רעדט: ווּהין שלעפּט איר מיך?...

דעמאָלט איז שוין אויפגעשטאַנען רב חיים־חנא דער קלוגער מיט זיין כּבוד, און מיטן קאַנטשיק אונטערגעצאָלפן אַרויספירן די ציג פון שטוב. און די חבֿרה תּלמידים האָבן זי אונטערגעטריבן:

— היי, קאָזע; פּאַשאָל, קאָזע!...

און דער שניידער איז אַוועק אין זיין וועג אַריין.

## קאַפּיטל ה.

עס שפּעט, איז שמעון־אלי אַריין צו דודי רענדאַר מיט אַ שמחה:

— אַ גוטן אָוונט אייך, מיין ליבער קרוב רב דודי, איך קאָן אייך אָנזאָגן אַ בשורה, מזל־טוב, עס לבן גרתי — איך האָב שוין איינגעהאַנדלט אַ ציג, אָבער אַ ציג פון ציגנלאַנד, אַנו, טרעפט, כמה לקו במצרים — וויפל האָב איך באַדאַרפט משלים זיין?

דודי האָט זי אָפּגעשאַצט פּונקט צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפל דער שניידער האָט באַצאָלט. דערפון איז שמעון־אלי געוואָרן אַזוי אויפגעלייגט, אַז ער האָט דערלאַנגט דעם רענדאַר אַ זעץ אין פּלייצע:

— רב דודי סערדצע! געזונט זאָלט איר מיר זיין, צדקתך כדבריך — איר האָט היינטיקס מאָל דווקא נישט געטראָפן. אַזוי פיל גליקלעכע יאָר אונדז ביידן!

דודי דער רענדאַר האָט אויפגעשטעלט אַ פּאָר ליפּן און געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווערטער: טפו־פו־פו! ווי איינער רעדט: „אַ מציאה! אַ מציאה פון אַ גנבו!"

אָפּגעדאַוונט מעריב רופט זיך אָן דער שניידער צום רענדאַר:

— אַז דער צער פון טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס, איז הלעיטני־נא מן האדום האדום הזה — גיסט אָן, זייט מוחל, פון יענעם גרינעם פלעשל, און לאָמיר נעמען צו קאָפּעלעך שפּירט, און לאָמיר זיין געזונט.

געגומען אַ ביסל בראָנפן און פאַרביסן, האָט זיך אונדזער שניידער צערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. וואָס ווייטער־ווייטער האָט ביי שמעון־אלין די צונג אָנגעהויבן זיך פּלאָנטען, די אויגן קלעפּן זיך, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט אויף אַ ווילע כאַפּן אַ דרימל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס טיבע יוצר המ[illegible]רות! גוט געכאַפּט אַ דרימל! — מאַכט שמעון־אלי צו זיך אַליין און טוט אַ רייב מיט די פּלייצעס. ער וועקט אויף דעם רענדאַר, פּליט אַרויס אין הויף אַריין, עפּנט די שטאַל, נעמט די ציג אויפן גאַרטל און לאָזט זיך גיין אַהיים געשווינד, פייל אויסן בויגן, ווי אַ מענטש וואָס האָט מורא, ער זאָל חלילה נישט פאַרשפּעטיקן מי יודע וואַ[illegible].

## קאַפּי[illegible] ו.

והאשה — און דאָס וויב ציפּע־ביילע־רייזע, אַז זי האָט געזען אַז דער מאַן זוימט זיך אַזוי לאַנג, האָט זי נאָך נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָס איז. זי האָט אָנגעהויבן איבערטראַכטן, אפשר האָט זיך חלילה געטראָפן אַן אומגליק. גזלנים זייבען אָנגעפאַלן אויף איר מאַן אין וועג, צוגעקומען ביי אים די עטלעכע קערבלעך, אים געקוילעט און פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ גרוב, און זי איז געבליבן, חס ושלום, אַן אייביקע עגונה מיט, קיין עין־הרע, אַזוי פיל קינדער, כאָטש נעם וואַרף זיך אַריין, שונאי־ציון, מיט זיי אין טייך אַריין!... אַזעלכע, און כדומה אַזעלכע מחשבות האָט נעבעך ציפּע־ביילע־רייזע יענע נאַכט איבערגעטראַכט, און

האָט אַפילו נישט צוגעמאַכט אַן אויג; און אַז עס האָט אויסגעקרייט דער ערשטער האָן אַזין טאָג, האָט זי געכאַפּט אויף זיך דאָס קלײדל און איז אַרויס אין דרויסן און האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף דער שוועל אַרויסקוקן אויף איר מאַן, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבן, ער וועט קומען... „אַ שלים־מזל גייט אַוועק! — האָט זי זיך געקלערט און זי האָט זיך צוגעגרייט אים אָפּשפּילן אַ פּרימאַרגן, ווי ער איז ווערט געווען. נאָר אַז זי האָט דערזען היגטן ביי אים צוגעבונדן ביים גאַרטל אַ ציג, איז איר באַלד אָפּגעגאַנגען דאָס האַרץ, און זי האָט זיך אָנגערופן צו אים מיט גוטן:

— וואָס אַזוי לאַנג, דו קאַנאַריקל מײנס, מאַנדלבייגעלע איך האָב געמיינט, ביסט שוין חלילה אין דער ערד אַריין, שיינער תכשיט מיינער, אָדער אַזוי עפּעס אַן אומגליק געטראָפן, חס ושלום.

און שמעון־אלי האָט זיך צעגאַרטלט, אַוועקגעשטעלט די ציג אין הויז, און האָט אָנגעהויבן שיטן מיט ווערטער, ווי פון אַ זאַק; ער האָט איר פאַררעדט די ציין.

— הערסט, מיין ווייב, האָב איך דיר געקויפט אַ ציג — פון ציגנלאַנד! דאָס איז אַ ציג אשר לא ציגונו אבותינו!

און ציפּע־ביילע־רייזע האָט זיך געטראַכט בשעת־מעשה: „נחמה־ברכה — אַ מכה איר אַ גרויסן! זי מיינט, אַז נאָר זי איז אַ בעל־הביתטע, נאָר זי האָט אַ ציג, און ווייטער קיינער נישט! איך האָב מורא, אַז עס וועט איר אַרויס די אויגן! אַז זי וועט דערזען, אַז ציפּע־ביילע־רייזע שמעון־אליס ווייב האָט אויך אַ ציג... און בלומע־זלאַטע? און חיה־מייטע? כלומרשט גאָר גוטע שוועסטער! עס זאָל זיי אַנ־גיין כאָטש האַלב, וואָס זיי ווינטשן מיר, רבונו־של־עולם!״...

געקוקט אויף די קינדער, ווי זיי זינגען און טאַנצן, איז שמעון־אלי געוואָרן ברייטער ווי לענגער. ער האָט זיך געטראַכט: „קינדער נעבעך, זשעדנע אַ ביסל מילך... נישקשה, איר וועט שוין היינט, אם ירצה השם, זיין זאַט... אַלע טאָג אַ גלעזל מילך, און קאַשע מיט מילך, און צו דער טיי מילך — אַ ציג איז טאַקע אַ געזונט אין די ביינער!... וואָס איז מיר אַצינדער פישל בעל־טאַקסע? איך הער אים, ווי דעם קאָטער! ער וויל נישט געבן קיין פלייש, נאָר ביינער? לאָז ער זיך וואַרגן מיט די ביינער! וואָס דאַרף איך זיין פלייש, אַז איך האָב קיין עין־הרע מילך?... אי, שבת? — אויף שבת קויפט מען אַ פיש. ווו שטייט דאָס, אַז אַ ייד מוז עסן פלייש? איך האָב אין ערגעץ נישט געזען אַזאַ דין!... אַלע יידן זאָלן מיר וועלן פאָלגן, וואָלטן זיי אַלע געקויפט ציגן; דעמאָלט וואָלט אונדזער בעל־טאַקסע שיין אויסגעזעצן מיטן בייכל! עס וואָלט שוין דעמאָלט אַ רוח אין זיין טאַטנס טאַטן!״...

„שמעון־אלי שמע קולנו״ האָט אָפּגעדאַווענט און צוגעגרייט זיך צו דער מילכיקער סעודה. עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין ציפּע־ביילע־רייזע מיט אַ ליידיק טעפּל, רויט ווי אַ פייער, אין כעס מיט סכנת־נפשות, און אַ רעגן פון קללות און חרמות האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אויף שמעון־אליס קאָפּ!

— דעם טאַטן דיינעם דעם שכור זאָל דאָס אַרויסוואַרפן, דיך אַריינוואַרפן!

אַ שטיין, אַ בייז זאָל פון דיר ווערן! גיי זע, דו גזלן, דו רוצח, דו משומד איינער, וואָס פאַר אַ ציג דו'האָסט מיר געבראַכט! אַ וויסטער, פינצטערער חלום אויף דיין קאָפּ און אויף דיינע הענט און פיס, רבונו־של־עולם, זיסער פאָטער, האַרציקער־געטרייער!...

דאָס איבעריקע האָט שוין שמעון־אלי נישט געהערט. ער האָט אָנגערוקט דאָס היטל און איז אַרויס פון הויז אָנקוקן דאָס אומגליק, וואָס אים האָט געטראָפן.

אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן צו דער ציג און דערזען דעם שיינעם תכשיט, ווי ער שטייט צוגעבונדן צום פלעקל פון דער טיר און מעלה־גרהט זיך קאַלט־בלוטיק, איז ער געבליבן שטיין ווי אין הינערפלעט, נישט געוווסט וואָס טוט מען? וווהין גייט מען? געשטאַנען, געטראַכט, געטראַכט, און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „תמות נפשי עם פלישתים — עס וועט אַ רוח אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין, דעם מלמד מיט דער מלמדקע! זיי האָבן געפונען מיט וועמען צו טרייבן קאַטאָוועס! איך וועל זיי געבן אַ קאַטאָוועס! וועט זיי זיין וויסט און פינצטער!

אַזוי האָט זיך געטראַכט „שמעון־אלי שמע־קולנו” און זיך געלאָזט גיין צוריק קיין קאָזאַדאָיעווקע מיט דער דעה, ער זאָל זיי אָפּשפּילן אַ וויוואַט, ווי זיי זענען ווערט!

געגאַנגען פאַרביי דער דעמבענער קרעטשמע און דערזען דעם רענדאַר אויף דער טיר מיטן לולקע־ציבעקל אין די ציין, האָט זיך אונדזער שניידער צעלאַכט נאָך פון דערווייטן.

— וואָס איז פאַר אַ שמחה אויף דיר, — פרעגט אים דודי, וואָס לאַכסטו אַזוי?

— טוט אַ קוק, זייט מוחל, אפשר וועט איר אויך לאַכן, זאָגט צו אים דער שניידער און הייבט אָן לאַכן נאָך שטאַרקער. נו, ווי געפעלט איך, אַ שטייגער, רב דודי, אַזאַ שלאַק? כל האדם כוזב — ווו ערגעץ אַ צרה דאַרף עס טרעפן מיך! מאָלט איך, איך וועל זיי נישט שווייגן, עס וועט זיין עין תחת עין — אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש! איך האָב פיינט, אַז מע טרייבט מיט מיר אַזעלכע קאַטאָוועסלעך.

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס'איז אַ קאַטאָוועס? — מאַכט דער רענדאַר גאַנץ תמעוואַטע און פּיפּקעט מיטן לולקעלע. — אפשר איז ביי איך דאָרט אַרויס אַ טעות אין די רייד?

שמעון־אלי איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פאַר כעס.

— משל כחרס הנשבר! וואָס רעדט איר? איר ווייסט, וואָס איר רעדט? איך קום צו זיי לכתחילה קויפן אַ ציג, און רעד מיט זיי ברחל בתך ה... אַ ציג! זאָגט איר גאָר דאָס!...

דודי פּיפּקעט מיטן לולקעלע, קנייטשט מיט די פּלייצעס און צעפירט מיט די הענט, ווי איינער רעדט: „וואָס בין איך שולדיק? איך־בין דאָך אַוודאי גאָט די נשמה שולדיק!”...

און שמעון־אלי כאַפּט די ציג און לאָזט זיך גיין קיין קאָזאַדאָיעווקע, וחמתו בערה בו — און עס ברענט אין אים אַ פייער.

## קאַפּיטל ז.

והמלמד — און דער מלמד האָט זיך געטאָן זיין מלאכה, דאָס הייסט, ער איז געזעסן און האָט געקנעלט מיט זיינע תלמידים.

— אַ גוטער מאָרגן זאָל איך זיין, רבי, מיט אייערע תלמידים — זאָגט שמעון־אלי. — איר מעגט מפסיק זיין אויף אַ מינוט, — איר האָט מיך אָפּגעטאָן אַ רעכט שפּיצל, טאַקע אויף קאַטאָוועס, נאָר וואָס דען? אהבתי כי ישמע לי — איך האָב פּיינט אַזעלכע קאַטאָוועסלעך!

— וואָס איז? — פרעגט אים דער מלמד.

מאַכט שמעון־אלי — טאַקע אָקעגן איך אַליין מיט דער שיינער ציג, וואָס איר האָט מיר אַריינגערוקט בשגגה, דאָס הייסט אויף אַ געלעכטער.

דער מלמד האָט אָנגעטאָן צוריק די ברילן און האָט באַטראַכט דעם שניידער, ווי אַ מענטש, וואָס רעדט פון היץ, און דער גאַנצער חדר האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער.

— סע געפעלט איך נישט די ציג? — פרעגט אים דער מלמד בתמימות.

— די ציג, זאָגט איר? ס'איז אַזוי אַ ציג, ווי איר זענט אַ גובערנאַטאָר!

דער גאַנצער חדר שיסט אויס אַ געלעכטער, און עס קומט אָן טעמע־גיטל די שטילשווייגנדיקע, און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע חתונה: שמעון־אלי רעדט און טעמע־גיטל רעדט אים איבער; דער רבי זיצט און קוקט, די תלמידים לאַכן; זיי רעדן ביידע אַזוי לאַנג ביז טעמע־גיטל ווערט אין כעס, כאַפּט דעם שניידער פאַרן האַנט און שלעפּט אים.

— קומט, קומט צום רבֿ! — לאָזט כאָטש ייִדן זען, ווי אַ זלאָדייעווקער שניידער טשעפּעט זיך! טראַכט אויס אַ בלבול!

אַז די קאָמפּאַניע איז געקומען צום רבֿ, האָט ער אויסגעהערט ביידע צדדים, וואָס האָבן נישט געלאָזט רעדן איינער דעם אַנדערן, האָט דער רבֿ געשיקט רופן דעם דיין מיטן שוחט, מיט די איבעריקע פאַרנעמסטע לייט פון שטאָט, די „שבעה טובי העיר", און האָט זיך אָנגערופן צום שניידער בזה הלשון:

— דערציילט, זיי מוחל, נאָך אַמאָל די מעשה פון אָנהייב ביזן סוף, און נאָכדעם וועט זי דערציילן.

און שמעון־אלי האָט זיך נישט געפוילט איבערצוחזרן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל די אייגענע מעשה פונעם אָנהייב אָן, און שמעון־אלי דער שניידער חזרט איבער און דער רבֿ מיט די דיינים מיט די שבעה טובי העיר לאַכן.

— האָבן מיר אויסגעהערט איין צד. — רופט זיך אָן דער רבֿ. — אַצינד לאָמיר הערכן דעם אַנדערן צד.

שטייט אויף רבֿ חיים־חנא דער קלוגער, רוקט אָן דאָס היטל אויף דער יאַרמעלקע און הייבט אָן בזה הלשון:

— שמעו נא, רבותי! די מעשה איז אַזוי געווען די מעשה: איך בין געזעסן און געלערנט מיט די תלמידים, בבא־קמא, יאָ, בבא קמא... קומט אַריין אָט דער

ייִד פון [illegible]ייעווקע אָט דער, און זאָגט אַז ער איז אַ זלאַדייעווקער, איז ער, און האָט אַ וו[illegible] האָט ער, הייסט זי ציפּע־ביילע־רייזע הייסט זי — יאָ, ציפּע־ביילע־רייזע הייט[illegible] זי... אַזוי דאַכט זיך

דער מלמד ביגט זיך אָן צום שנײַדער, און דער שנײַדער, וואָס האַלט זיך די גאַנצע צײַט ביים בערדל, שטייט מיט צוגעמאַכטע אויגן, דאָס קעפּל אַ ביסל אויף אַ זייט, און שאָקלט זיך און זאָגט אויף זיין לשון:

— אמת ויציב ונכון! זי הייסט אַלע דריי נעמען: ציפּע און ביילע און רייזע.

— ווייטער, ווייס איך גאָרנישט! — מאַכט דער מלמד דערשראָקן און באַווייזט אויף דער מלמדקע. — זי האָט מיט אים גערעדט זי, זי האָט מיט אים געהאַנדלט זי. איך ווייס גאָרנישט איך!

— אַצינד — זאָגט דער רב — לאָמיר הערכן, וואָס וועט זי עפּעס זאָגן?

און דער רב באַווייזט מיטן פינגער אויף דער מלמדקע, און טעמע־גיטל די שטילשווייגנדיקע ווישט זיך אָפּ די ליפּן, שפּאַרט זיך אונטער מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער האַנט הייבט זיך אָן צו טענהן גיך, אָן אַן אָפּשטעל, און דאָס פּנים בשעת־מעשה פלאַמט איר ווי פייער.

— הערט זשע אויס, ייִדישע קינדער, די מעשה דערפון איז אַזוי: אָט דער ייִד, דער זלאַדייעווקער שנײַדער הייסט דאָס, זאָל מיר מוחל זיין, איז... איז אָדער אַ משוגענער אָדער אַ שכור, אָדער איך ווייס־אַליין נישט וואָס! איר האָט געהערט אַ מעשה? אַ ייִד קומט צו מיר צו גיין אָוש פון זלאַדייעווקע אָט דער דאָזיקער, און טשעפּעט זיך צו ווי אַ קלעק, איין מאָל פאַר אַלע מאָל,איך זאָל אים פאַרקויפן אַ ציג, איך האָב געהאָט צוויי, מיר זיינען דורכגעקומען פאַרן מקח — מיינט איר, וויפל? נישט מער זאָלן מיינע שונאים פאַרמאָגן, רבונו־של־עולם! און איך האָב אים אָפּגעגעבן די ציג, אויף אַלע מיינע ליבע געזאָגט געוואָרן אַזאַ ציג. ס'איז דען אַ ציג? אַ מאַמע, נישט קיין ציג! קומט ער צו גיין דער שנײַדער, מיט אַ בלבול, ס'איז נישט קיין ציג, זאָגט ער! שאַ, וויסט איר וואָס? אָט שטייט זי. גיט, זייט מוחל, אַהער אַ מעלקשעפל, וועל איך זי אויסמעלקן פאַר אייך אין די אויגן!

און זי האָט אַנטלײַען בײַ דער רביצין דאָס מעלקשעפל און האָט אויסגעמאָלקן די ציג פאַר אַלעמען אין די אויגן, צוגעטראָגן דאָס שעפּל מיט מילך איטלעכן באַזונדער, פריער, געוויינלעך, דעם רב, נאָכדעם די דיינים, און נאָכדעם די שבעה טובי העיר, און דעם איבעריקן עולם, און ס'איז געוואָרן ביים רב אין שטוב אַ ליאַרעם, אַ געפילדער — הימל עפן זיך! דער האָט געזאָגט: מען באַדאַרף קנסענען דעם זלאַדייעווקער שנײַדער, ער זאָל שטעלן משקה! דער האָט געזאָגט: קנסענען אַליין איז נאָך ווינציק — מע באַדאַרף ביי אים צונעמען די ציג! און דער האָט געזאָגט: ניין, די ציג איז אַ ציג, לאָז ער זיך עלטערן מיט איר אין עושר און אין כבוד; מען באַדאַרף אים מכבד זיין מיט גוטע עטלעכע פאַנטאָפל און אַרויסוואַרפן מיט דער ציג אינאיינעם צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

דערזען אַזאַ מעשה, האָט זיך שמעון־אלי פאַוואָלינקע אַרויסגערוקט פונעם רבס שטוב און האָט געמאַכט פליטה.

## קאַפּיטל ח.

וישא החיט את רגליו — און דער שניידער האָט גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און איז אַוועק מיט דער ציג אַהיים גיך און געשווינד, ווי אַ מענטש, וואָס לויפט פון אַ שׂרפה. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי מע יאָגט אים חלילה נישט נאָך, און האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער איז אַרויס „חנם אין כסף — טרוקן אָן פעטש"...

דורכגעגאַנגען פאַרביי דער דעמבענער קרעטשמע, האָט זיך שמעון־אלי גע־קלערט: „מכּות וועסטו ביי מיר וויסן דעם אמת!" און ער האָט פאַרלייקנט פאַר דודין די גאַנצע מעשׂה.

— נו, וואָס הערט זיך? — פרעגט אים דודי בלומרשט נייגעריק.

— וואָס זאָל זיך הערן? — זאָגט שמעון־אלי. — פאַר מיר האָט מען דרך־ארץ; מיט מיר טרייבט מען נישט קיין קאַטאָוועס, כּי אדם אני ולא פאַרך — איך בין דאָך עפּעס נישט קיין יונגעלע!

„געגוג ער איז אַ גדלן, איז ער נאָך אַ ליגנער אויך!" — טראַכט זיך דודי דער אַרענדאַר. — „מע באַדאַרף מיט אים מאַכן נאָך אַמאָל דאָס אייגענע שפּיל און הערן, וואָס וועט ער זאָגן ווייטער?".

און צום שניידער האָט ער געזאָגט: — איך האָב פון דיינעטוועגן, שמעון־אלי, אַ גלעזל אַלטן „ווישניק", אויב דו האָסט חשק.

אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלעזל, האָט זיך ביי אונדזער שניידער אויפ־געבונדן די צונג און ער רופט זיך אָן צום רענדאַר:

— זאָגט נאָר, מיין ליבער קרוב, איר זענט דאָך עפּעס אַ ייד, וואָס קאַטאָרי איר זענט נישט קיין נאַר, כ'לעבן, און איר קערט זיך אָן מיט אַלערליי מענטשן; זאָגט מיר נאָר, איר גלויבט אין כּשוף? פאַרבלענדעניש?

— דהיינו — פרעגט אים דודי תמעוואַטע.

— דהיינו — זאָגט שמעון־אלי — אַ דיבוק, אַ לץ, אַ נישט־גוטער, אַ גלגול?..

— אַקעגן וואָס זאָגסטו דאָס? — מאַכט דודי מיט אַ תמעוואַטן פּנים און פּיפּקעט מיטן לולקעלע.

— איך שמועס עס גלאַט אַזוי אַקעגן דרינען. — זאָגט „שמעון־אלי שמע־קולנו" און הערט נישט אויף צו רעדן פון גלגולים, פון מכשפים, פון מכשפות, שדים און רוחות, לצים, שרעטעלעך, וואָוקלאַקעס.

— געגוג! געגוג! — מאַכט דער רענדאַר, שפּייט אויס און פאַרוואַרפט מיט די הענט. — געגוג דיר שוין צו דערציילן אַקעגן נאַכט אַזעלכע מעשׂיות!

— זייט מיר געזונט, רב דודי, האָט קיין פּאַראיבל נישט, וואָס איך האָב איך אַ ביסל דערקוטשעט.

## קאַפּיטל ט.

כשבא החיט — אַז דער שניידער איז געקומען אַהיים, האָט ער געוואָלט געבן אַ פּעטשאַטשעק זיין ווייב, ווי זי איז ווערט; נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטן

מיט אַלע כוחות. ער האָט זיך געטראַכט: „עט, אַ ייִדענע, בלייבט אַ ייִדענע! לאָז מיינס איבערגיין!" און פון דרך־שלום האָט ער דערציילט פאַר זיין ווייב אַ שיינעם ליגן.

ציפּע־ביילע־רייזע האָט אָבער מער נישט געוואָלט אויסהערן. זי האָט שוין געוואָלט אָנקוקן וואָס גיכער די אמתע ציג, וואָס איר מאַן האָט געבראַכט; האָט זי געכאַפּט דאָס טעפּל און איז אַוועק אין הויז אויסמעלקן די ציג. און עס האָט נישט לאַנג געדויערט און ציפּע־ביילע־רייזע איז אַריינגעלאָפן אין שטוב אַרייַן שוין אָן ווערטער; זי האָט אָנגענומען שמעון־אליין, מחילה פון הינטן ביים קאָלנער און האָט אים מיט דריי גוטע סטוסאַקעס אַרויסגעוואָרפן מיט דער שיינער ציג אינאיינעם „צו אַלדי שוואַרצע וויסטע פינצטערע יאָרן!"...

געבליבן אין דרויסן מיט דער שיינער ציג, האָבן זיך אַרום דער שניידער צונויפגעקליבן אַ גאַנץ רעדל ייִדן, ווייבער און קינדער, און האָבן אויסגעהערט די חידושים, וואָס שמעון־אלי האָט זיי דערציילט, אַז די דאָזיקע ציג, וואָס ער האַלט אויפן גאַרטל, איז נאָר דאָרט, איז קאָזאָדאָיעווקע, אַ ציג, וואָס מעלקט זיך און גיט מילך, נאָר קוים קומט ער מיט איר אַהער, אַזוי ווערט זי אויס ציג...

אַ סך מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט די ציג גאַנץ ערנסט, איבערגעפרעגט די מעשה נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, און שטאַרק געחידושט זיך...

אַנדערע האָבן געלאַכט, געמאַכט חוזק און געזאָגט ווערטלעך, און אַנדערע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ, אויסגעשפּיגן און אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיינע ציג! ס'איז אַזוי אַ ציג, ווי איך בין אַ רביצין.

— וואָס דען איז דאָס?

— אַ גלגול! איר זעט נישט, אַז ס'איז אַ גלגול?...

— דאָס וואָרט „גלגול" ווערט אונטערגעכאַפּט פונעם גאַנצן עולם; עס ווערן דערציילט אַלערליי מעשיות פון גלגולים, וואָס האָבן זיך געטראָפן אויף דער גאַנצער וועלט!

אַז שמעון־אלי האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער, האָבן אים אַ גאַנצע קאָמאַנדע חדר־ייִנגלעך באַגלייט מיט כבוד. זיי האָבן אים נאָכגעשריִען:

— הוררא, שמע־קולנו! הוררא, מעלקנדיקער שניידער!

דער גאַנצער עולם האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פאַר געלעכטער.

דאָ האָט שוין שמעון־אלי אָנגענומען פאַרן האַרצן; געווען ער האָט אַזאַ אומגליק, מאַכט מען נאָך פון אים חוזק! איז ער אַוועק מיט דער ציג איבער דער שטאָט, האָט געמאַכט אַ געוואַלד צווישן חברה „פועלי־צדק": ס'טייטש, וואָס שוויגט מען?

און חברה „פועלי־צדק" זענען געקומען צום רב, צו די דיינים און צו די איבעריקע „שבעה טובי העיר" האָבן געשריגן פאַר זיי,*איינגעלייגט אַ וועלט: ס'טייטש!

און דער רב מיט די דיינים, מיט די איבעריקע „שבעה טובי העיר" האָבן אויסגעהערט די טענות, האָבן זיך צונויפגעקליבן אויף דער נאַכט אַלע ביים רב

**אויף אַן אסיפה. און די זלאַדייעווקער רבנים, דיינים און די איבעריקע „שבעה טובי העיר" האָבן זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוו צו די קאָזאַדאַיעווקער רבנים, דיינים און די „שבעה טובי העיר" אויף לשון־קודש אין זייער אַ שיינער מליצה.**

## — קאַפּיטל י.

אין יענער נאַכט האָט זיך שמעון־אלי דער שניידער אַרומגעדרייט איינער אַליין אין אַלע הינטערגעסלעך מיטן תכשיט, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין קאָזאַדאַיעווקע, זיך געהיט פֿאַר די ווייסע חברהניקעס, מע זאָל אים ניט דערזען. ער האָט גערעכנט, אַז עס וועט ווערן טאָג, זאָל ער זיך ווידער לאָזן אין וועג אַריין, מיטן בריוו און מיט דער ציג. דערווייל האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט צו האָדל דער אַקציזניטשקע אין שענקל, נעמען פֿאַר האַרצוויטיק אַ ביסל בראָנפֿן און אויסרעדן זיך אַ ביסל דאָס האַרץ, זיך האַלטן מיט איר אַן עצה מכוח דעם אומגליק וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, און ער האָט פֿאַר איר אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ; דיר־ציילט איר אַלצדינג, וואָס ביי אים אויף דער נשמה טוט זיך, און געבעטן, זי זאָל אים געבן אַן עצה; וואָס טוט מען?

— וואָס טוט מען? איר זייט דאָך עפּעס יאָ, ווי דוד המלך זאָגט אין שיר השירים: שחורה אני ונאוה — ווער איז שיין, איר זייט דאָך ביידע זאַכן... גיט מיר אַן עצה; וואָס טוט מען?

— וואָס טוט מען? — זאָגט צו אים האָדל און שפּייט אויס. — איר זעט דען נישט, אַז ס'איז אַ גלגול? וואָס וועט איר זיך האַלטן מיט דער באַמבע? נעמט און וואַרפֿט אים אַרויס צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— עט! כולם אהובים, כולם ברורים — אַלע ווייבער זיינען אויף איין שניט! — זאָגט שמעון־אלי.

און שמעון־אלי דער שניידער לאָזט זיך גיין ווייטער. עס פֿאַלט אויף אים אַן אַ שרעקלעכע מרה־שחורה, אַ פּחד, סכנת־נפשות!

שמעון־אלי פּועלט ביי זיך, אַז די דאָזיקע ציג וואָס ער פֿירט זיך מיט איר אַרום, איז ניט קיין ציג, נאָר אַ גלגול, אָדער אַ לץ, וואָס אָט באַלד שטעלט ער אים אַרויס אַ צונג אויף צען אַרשין; שטעלט ער זיך אָפּ אויף אַ ווילע, בינדט אָפּ דעם גאַרטל; ער וויל פּטור ווערן פֿון דער באַמבע. ווער? וואָס? דער שיינער בחור שטייט, ער וויל נישט אָפּטרעטן פֿונעם שניידער אויף אַ מינוט אַפֿילו! שמעון־אלי פּרוּווט זיך לאָזן גיין אַ פּאָר טריט — ער גייט אים נאָך; ער נעמט זיך רעכטס — גייט ער רעכטס; ער נעמט זיך לינקס — ער גייט לינקס...

— שמע ישראל! — שרייט אויס שמעון־אלי נישט מיט זיין קול און לאָזט זיך לויפֿן אין דער וועלט אַריין. און אַזוי ווי ער לויפֿט, דאַכט זיך אים, אַז עמעצער יאָגט אים און מעקעט אים נאָך אויף אַ דין ציגן קולכל און רעדט צו אים, ווי אַ מענטש און זינגט ווי אַ חזן:

— מ — — — לך ממית ומחיה! ונ — א — א — א — א — א —מן אתה להחיות מתים!...

# „אליהו הנביא"

איינמאָל האָט זיך אליהו הנביא אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּראָסטן אָרעמאַן, געקומען אין אַ שטעטל און אָנגעקלאַפּט צו אַ געמיינעם באַלעבאָס:

— איך בין מיד און גיי אויס פון הונגער! לאָזט מיך אַריין.

האָט אים דער געמיינער באַלעבאָס געעפנט און אַריינגעלאָזט.

— שלום עליכם! זעצט זיך צום טיש, וועט איר עסן מיט אונדז אינאיינעם.

און איטלעכער האָט אים אָפּגעגעבן אַ שטיקל פון זיין חלק און דער אָרעמאַן האָט פאַרביסן.

נאָכן עסן האָט דער עולם גענומען בענטשן מזומן. אַז ס'איז געקומען צום „הרחמן הוא ישלח לנו את אליהו הנביא זכור לטוב", האָבן אַלע געזאָגט און דער אורח ניט. איז דאָס געווען אַ חידוש.

— פאַר וואָס האָט איר ניט געזאָגט דעם „הרחמן"?

האָט זיך דער אורח צעלאַכט און רופט זיך אָן צום באַלעבאָס:

— איר ווייסט ווער איז אייער אורח?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? אַן אָרעמאַן, זעען מיר, אַז איר זייט.

— זאָלט איר וויסן, אַז איך בין — אליהו הנביא.

איז דער באַלעבאָס אים געפאַלן צו די פיס און האָט זיך אָנגערופן צום אורח מיט טרערן אין די אויגן:

— פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ כבוד? ווינציק גבירים, גרויסע לייט פאַראַן אויף דער וועלט? פאַראַן אַ רב ר' יוזיפל ביי אונדז אין שטעטל, און אַ גבאי רב אהרן, און אַ נגיד רב משה, און דו, געטלעכער מענטש, האָסט אויסגעקליבן מיך, דעם אָרעמסטן פון די באַלעבאַטים. דאַנק איך דיר, גרויסער נביא!

און דער געמיינער באַלעבאָס האָט אים אַ קוש געטאָן אין עק מאַנטל, און מען האָט זיך געלייגט שלאָפן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך דער באַלעבאָס געקאָטשעט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט עפּעס אַלץ געקלערט און געקלערט. און אויך אויף מאָרגן איז ער אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין מחשבותן און כמעט גאָרנישט געגעסן. ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און רופט זיך אָן צום אורח:

— האָב קיין פאַראיבל ניט, גרויסע נביא, איך וויל דיך עפּעס פרעגן.

— פרעג, — זאָגט צו אים אליהו הנביא.

— ס׳איז מיר אַ חידוש און איך קאָן דאָס נישט פאַרשטיין, — זאָגט דער באַלעבאָס. — סטייטש, ס׳איז פאַראַן אַזוי פיל גבירים, גרויסע לייט אויף דער וועלט; פאַראַן ביי אונדז אין שטעטל אַ רב יוזיפל, אַ גבאי רב אַהרן און אַ נגיד רב משה, וואָס דער רבי אַליין שטעלט זיך ביי אים אָפּ, אַז ער קומט צו פאָרן. דאָרטן וואָלט מען דיך מסתמא אַ ביסל שענער אויפגענומען ווי ביי מיר, און צום סוף ביסטו געקומען צו מיר, צו אַ געמיינעם באַלעבאָס. נישט אַנדערש אַז איך באַדאַרף ביי דיר זיין אָנגעלייגט.

האָט אליהו הנביא אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— יאָ, דו ביסט מיר אָנגעלייגט.

און דער באַלעבאָס האָט זיך אַזש צעלאַכט פאַר פרייד.

— אַזוי? בין איך ביי דיר, הייסט דאָס, אָנגעלייגט?

קיינמאָל האָט זיך דער באַלעבאָס אַזוי גוט ניט געפילט ווי יענעם טאָג. פאַר־נאַכט רופט ער זיך אָן צו אליהו הנביאן:

— איך דאַרף דיר, אליהו הנביא, עפּעס זאָגן.

— זאָג, מיין קינד, — מאַכט צו אים אליהו הנביא, — זאָג.

— אַפנים אַז איך בין ביי דיר שטאַרק אָנגעלייגט, וואָס דו ביסט געקומען צו מיר? האָ?

— יאָ, זאָגט צו אים אליהו הנביא.

— באַרעכן זיך, — זאָגט ווייטער דער באַלעבאָס, — פאַראַן ביי אונדז אַ רב יוזיפל אין שטעטל, אַ גבאי רב אַהרן, און אַ נגיד רב משה, וואָס וואָלט געמאַכט פונו דיינעטוועגן די גרעסטע סעודה און באַלייגט דיך אויפן שענסטן געלעגער, נעמסטו און קומסט צו מיר, צו אַ געמייעם באַלעבאָס. משמעות, אַז איך בין ביי דיר אָגעלייגט, שטאַרק אָגעלייגט. זאָג, איאָ איך בין דיר שטאַרק אָגעלייגט?

— יאָ, יאָ, — זאָגט אים אליהו הנביא און שמייכלט.

— ניין, דו זאָג מיר בעסער אַקוראַט, אַז איך בין ביי דיר שטאַרק אָנגעלייגט! וואָס ענטפערסטו מיר אַלע מאָל „יאָ" און „יאָ"? דו זאָג מיר ווי אַזוי בין איך ביי דיר אָנגעלייגט?

— זייער, זייער אָנגעלייגט! — זאָגט אים אליהו הנביא מיט אַ געלעכטער.

— אָבער טאַקע אָנגעלייגט וואָס אָנגעלייגט הייסט?

— שטאַרק, שטאַרק אָנגעלייגט! — זאָגט אים אליהו הנביא.

— נו, איז גוט. אַצינד קום שלאָפן.

אויף מאָרגן איז אונדזער באַלעבאָס אויפגעשטאַנען נאָך פריילעכער ווי נעכטן. אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען און געזונגען. פאַרנאַכט, נאָכן עסן, טוט ער אַ זעץ אליהו הנביאן איבער דער קני און מאַכט צו אים אַזוי:

— הערסטו, אליהו, איך מיין, אַז דיר באַדאַרף זיין שטאַרק אָנגעלייגט דאָס, וואָס איך בין ביי דיר אָנגעלייגט? וואָס? זאָג נאָר דעם אמת, איאָ ס׳איז ביי דיר אָנגעלייגט, אליהו?

— **זייער אָנגעלייגט! — ענטפערט אים אליהו הנביא מיט אַ שמייכל.**

— אַ חידוש אַ ביסל! זאָגט דער באַלעבאָס. — איך ווייס דאָס פון זיך זעלבסט: ביי מיר אַפילו אַ הינטל אַז סע געפעלט מיר בין איך מיט דעם צופרידן. איז דאָך יענץ אַ הונט און איך בין איך! דאָס בין איך און דאָס ביסטו, אליהו! איך שטעל מיר פאָר ווי דו ביסט צופרידן בשעת דו קוקסט אויף מיר; דו זעסט פאַר זיך אַ מענטש וואָס איז ביי דיר אַזוי אָנגעלייגט! דו וואַקסט, מיין איך, אין דער ברייט; איאָ אליהו, דו וואַקסט?

— איך וואַקס, איך וואַקס, — זאָגט צו אים אליהו הנביא. — נאָר לאָמיר גיין שלאָפן.

— ווילסט שלאָפן? לאָמיר גיין שלאָפן. ביי מיר האָסטו געפּועלט.

אויף מאָרגן איז אונדזער באַלעבאָס שוין ניט געווען אַזוי פריילעך ווי פריער.

— וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק? — פרעגט אים אליהו הנביא.

— איך טראַכט אַלץ, — מאַכט דער באַלעבאָס, — איך טראַכט: וואָס וואָלסטו געטאָן אַ שטייגער כדומה למשל, ווען איך בין ניטאָ אויף דער וועלט?

— וואָס הייסט וואָס וואָלט איך געטאָן? — מאַכט צו אים אליהו הנביא פאַר־וווּנדערט.

— וואָס וואָלסטו געטאָן כדומה למשל אָן מיר? — זעסט וואָס אין דרויסן טוט זיך? אַ ווינט מיט אַ קעל[illegible] דער רעגן שמייסט. ווּהין וואָלסטו אַ שטייגער אַריינגעגאַנגען? וואָלסט דאָרטן דע[illegible]ירן געוואָרן אין דער נעץ און אין דער קעלט! און אַציִנד זיצסטו אין דער וואַרעם און אין דער טריקעניש, עסט און טרינקסט, וואָס פעלט דיר? און אַלץ איבער וואָס? איבער דעם וואָס ס׳האָט זיך געפונען איין מענטש אויף דער וועלט, וואָס איז ביי דיר אָנגעלייגט און וואָס דו קאָנסט צו אים אַריינגיין. ביסט אַ גליקלעכער מענטש, אליהו, וואָס איך בין דאָ אויף דער וועלט, ביסט, כ׳לעבן, איינער אַ גליקלעכער! הערסט, אלי, וואָס איך זאָג דיר, ביסט אַ מוצלח, ווי איך בין אַ ייִד!

מער האָט שוין אליהו הנביא ניט געקאָנט אַריבערטראָגן, ער האָט זיך צע־לאַכט און איז נעלם געוואָרן.

אַז אליהו הנביא איז נעלם געוואָרן איז אויף דעם אָרט ווו ער איז געזעסן, געלעגן אַ קופּע גאָלד; דאָרט איז געווען בלאָ גוזמא אַ פּאָר טויזנט שטיק גאָלדענע רענדלעך.

דערזען אַזוי פיל גאָלד, איז די באַלעבאָסטע שיִער ניט געפאַלן חלשות. זי האָט געגעבן אַ פּליעסק מיט די הענט און אויסגעשריגן אויף אַ קול:

— אוי, אַ דונער איז מיר! איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! זע נאָר וויפל גאָלד! איך וועל מיר נאָר אַ מעשה אָנטאָן!

— שאַ, זע נאָר ווי זי פּילדערט אַ ביסל! — מאַכט דער באַלעבאָס, ציילט איבער די רענדלעך, טוט אַ סמאָרע מיט דער נאָז און מאַכט מיט אַ וואַכעדי־קער מינע:

— ווייס איך! ס׳איז גאָר ניט אַזאַ סך! אַ ייִדענע — באַלד ווערט זי נתפעל!...

# װען איך בין ראָטשילד

## (אַ מאָנאָלאָג פון אַ כתרילעװקער מלמד)

— װען איך בין ראָטשילד, — האָט זיך צעלאָזט אַ כתרילעװקער מלמד איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק, בעת די רביצין האָט אים געמאָנט אויף שבת און ער האָט ניט געהאָט, — אוי, װען איך זאָל זיין ראָטשילד! טרעפט, װאָס איך טו? ראשית חכמה, פיר איך איין אַ מנהג, אַז אַ װייב זאָל תמיד האָבן ביי זיך אַ דרייערל, בכדי זי זאָל פאַרשפאָרן דולן אַ ספאָדיק, אַז סע קומט דער גוטער דאָנערשטיק און ס'איז ניטאָ אויף שבת... והשנית, קויף איך אויס די שבתדיקע קאַפאָטע, אָדער ניין — דעם װייבס קעצענעם בורנוס — לאָז זי אויפהערן פיקען אין קאָפּ אַריין, אַז ס'איז איר קאַלט! און קויף אַװעק די דאָזיקע שטוב אינגאַנצן מיט אַלע דריי חדרים, מיט דער קאַמער, מיט דער שפּיזאַרני, מיטן קעלער, מיטן בוידעם, מיט הכל בכל מכל פלעקל, — לאָז זי ניט זאָגן, אַז ס'איז איר ענג; נאַ דיר אַװעק צוויי חדרים, קאָך דיר, באַק דיר, װאַש דיר, בראָק דיר, און לאָז מיך צורו, איך זאָל קאָנען קנעלן מיט מיינע תלמידים מיט אַ ריינעם קאָפּ! נישטאָ קיין דאגות פרנסה, מע באַדאַרף נישט קלערן, װוּ נעמט מען אויף שבת — מחיה נפשות! די טעכטער אַלע חתונה געמאַכט, אַראָפּ אַ האָרב פון די פּלייצעס — װאָס פעלט מיר? הייב איך מיך אָן אַרומקוקן אַ ביסל אויף דער שטאָט. דאָס ערשטע בין איך מנדר אַ נייעם דאַך אויפן אַלטן בית־המדרש, לאָז אויפהערן קאַפּען אויפן קאָפּ, בשעת ייִדן דאַװנען; און, להבדיל, דאָס מרחץ בוי איך איבער אויפסניי, װאָרום נישט היינט־מאָרגן — עס װעט דאָרט מוזן זיין אַן אומגליק, חס ושלום, טאָמער פאַלט דאָס אויס אַקוראַט בשעת נשים באָדן זיך. און װיבאַלד דאָס באָד, מוז מען שוין דאָס הקדש אַװדאי צעװאַרפן און אַנידערשטעלן אַ „בקור־חולים". אָבער טאַקע װאָס אַ בקור־חולים הייסט, מיט בעטלעך, מיט אַ דאָקטער, מיט רפואות, מיט יאַיכלעך אַלע טאָג פאַר די חולאים, װי עס פירט זיך אין לייטישע שטעט. און אַ „מושב־זקנים" שטעל איך אַװעק, אַלטע ייִדן לומדים זאָלן זיך נישט װאַלגערן אין בית־המדרש ביי דער הרובע, און אַ חברה „מלבוש־ערומים", אָרעמע קינדער זאָלן נישט אַרומגיין, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט די פּופּקעס אין דרויסן,

און חברה „גמילות־חסדים", אַז איטלעכער ייִד, סיי אַ מלמד, סיי אַ בעל־מלאכה, סיי אַ סוחר אַפילו זאָל פאַרשפאַרן צאָלן פּראָצענט, נישט דאַרפן פאַרמשכונען דאָס העמד פונעם לייב, און אַ חברה „הכנסת כלה", אַז ווי ערגיץ אַן אָרעם מיידל, נעבעך אַ דערוואַקסענע, זאָל מען זי אויסקליידן, ווי עס געהער צו זיין, און חתונה מאַכן, און נאָך כדומה אַזעלכע חברות פיר איך איין ביי אונדז אין כתרילעווקע... נאָר וואָס איז שייך עפּעס דווקא ביי אונדז אין כתרילעווקע? אומעטום, ווו עס געפינען זיך נאָר אחינו בני ישראל, פיר איך איין אַזעלכע חברות, אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט! און בכדי עס זאָל זיך פירן מיט אַ סדר, ווי עס געהער צו זיין — טרעפט, וואָס טו איך? מאַך איך פון אַלע חברות איין חברה אַ גרויסע, אַ צדקה־גדולה־חברה, וואָס גיט אַכטונג אויף אַלע חברות, אויף אַלע ייִדן, דאָס הייסט, אויף דעם כלל ישראל, אַז ייִדן זאָלן אומעטום האָבן פרנסה און לעבן אין אחדות און זאָלן זיצן אין די ישיבות און לערנען: חומש מיט רש"י, מיט גמרא, מיט תוספות, מיט מהרש"א, מיט אַלע שבע חכמות און מיט אַלע שבעים לשון, און אויף אַלע ישיבות זאָל זיין איין ישיבה אַ גרויסע אַ ייִדישע אַקאַדעמיע, אין דער ווילנא געוויינלעך, וואָס פון דאָרטן זאָלן אַרויסגיין די גרעסטע לומדים און חכמים אין דער וועלט, און אַלצדינג זאָל זיין אומזיסט, „על חשבון הגביר", אויף מיין קעשענע, און אַלצדינג זאָל זיך פירן מיט אַ סדר און מיט אַ פּלאַן, עס זאָל ניט זיין קיין „גיב־מיר־נאַ־דיר־כאַפּ־לאַפּ", און אַלע זאָלן אין זינען האָבן נאָר טובת־הכלל!... און בכדי מע זאָל קאָנען טראָגן אויפן קאָפּ דעם „כלל" — וואָס דאַרף מען? דאַרף מען באַוואָרענען דעם „פּרט". און מיט וואָס קאָן מען באַוואָרענען דעם פּרט? געוויינלעך, מיט פרנסה; וואָרום פרנסה, הערט איר, דאָס איז דער ר[illegible]טער עיקר; אָן פרנסה קאָן נישט זיין קיין אחדות; איבערן שטיקל ברויט, מש[illegible] געזאָגט, איז איינער דעם אַנדערן יורד לחייו, קאַפּאַבל יענעם קוילען, [illegible] גען!... אַפילו די שונאי ישראל, אונדזערע המנס פון דער גאַנצער וועל[illegible] איר, וואָס האָבן זיי צו אונדז? גאָרנישט. נאָר צוליב פרנסה. זיי זאָלן האָ[illegible] וואָלטן זיי גאָר אַזוי שלעכט ניט געווען. פרנסה ברענגט צו קנאה. קנא[illegible] צו שנאה, און דערפון, רחמנא ליצלן, נעמען זיך אַלע צרות אויף דער וועלט, אַלע אומגליקן, נישט דאָ געדאַכט, מיט אַלע רדיפות, מיט אַלע הריגות, מיט אַלע רציחות און מיט אַלע מלחמות...

איי, די מלחמות, די מלחמות! דאָס איז, הערט איר, גאָר אַ שחיטה פאַר דער וועלט! ווען איך בין ראָטשילד, מאַך איך אויס מלחמות, אָבער טאַקע לחלוטין ווייס!

וועט איר דאָך פרעגן: ווי אַזוי? נאָר מיט געלט, דהיינו? איך וועל עס אייך געבן צו פאַרשטיין מיט אַ שכל: למשל, צוויי מלוכות צעאַמפּערן זיך איבער אַ נאַרישקייט דאָרט, אַ שטיקל ערד, וואָס איז ווערט אַ שמעק־טאַבאַק: „טעריטאָריע" הייסט עס ביי זיי. די מלוכה זאָגט, אַז די טעריטאָריע איז איר טעריטאָריע, און די מלוכה זאָגט: ניין, ס'איז מיין טעריטאָריע". מששת ימי בראשית, הייסט עס, האָט גאָט באַשאַפן דאָס שטיקל ערד פון איר כבוד וועגן. קומט צו גיין אַ דריטע און

זאָגט: „איר זענט בײדע בהמות; די טעריטאָריע איז אַלעמענס טעריטאָריע, אַ רשות הרבים הײסט עס". הקיצור, טעריטאָריע אַהין, טעריטאָריע אַהער, מע „טע־ריטאָריעט" אַזוי לאַנג, ביז מע הײבט אָן שיסן פֿון ביקסן און האַרמאַטן, און מענטשן קוילען זיך אײנס דאָס אַנדערע װי די שאָף, און בלוט, גיסט זיך אַזוי װי װאַסער.

אָבער אַז איך קום צו זײ לכתחילה און זאָג זײ: „שאַט, ברידערלעך, לאָזט איך דינען: אין װאָס גײט דאָ בײ איך, אײגנטלעך, דער גאַנצער סכסוך? מע פֿאַרשטײט דען נישט אײער מײן איר מײנט נישט אַזוי די הגדה, װי די קנײדלעך. טעריטאָריע איז דאָך בײ איך נאָר אַן אױסרײד: דער עיקר איז דאָך בײ איך יענע מעשה, פּעטי־מעטי, קאָנטריבוציע! און װיבאַלד לשון קאָנטריבוציע — צו װעמען קומט מען אָן מיט אַ הלוואה? צו מיר, צו ראָטשילדן, הײסט עס. אַמער, װײסט איר װאָס? נאַ דיר, ענגלענדער מיט די לאַנגע פּיס די קעסטלדיקע הױזן, אַ מיליאַרד! נאַ דיר, נאַרישער טערק מיט דער רױטער יאַרמעלקע, אַ מלאַרד! נאַ דיר, מומע רײזל, אױך אַ מיליאַרד. ממה־נפשך, גאָט װעט איך העלפֿן, װעט איר מיר אָפּצאָלן מיט פּראָצענט, נים חלילה קײן גרױסן פּראָצענט, פֿיר אָדער פֿינף לשנה, איך װיל אױף איך נים רײך װערן"...

פֿאַרשטײט איר שױן? אי, איך האָב געמאַכט אַ געשעפֿט, אי מענטשן האָבן אױף צו קוילען אײנס דאָס אַנדערע, װי די אָקסן, אומזיסט און אומנישט. און װיבאַלד אױס מלחמות, הײנט צו װאָס באַדאַרף מען דאָס כלי־זײן, מיטן חיל, מיט אַלע זיבעצן זאַכן, מיטן גאַנצן טאַרעראַם? אױף תשעה נײַנציק כפּרות! און װיבאַלד אױס כלי־זײן, אױס חיל, אױס טאַרעראַם, איז דאָך אױס שנאה, אױס קנאה, אױס טערק, אױס ענגלענדער, אױס פֿראַנצױז, אױס ציגײנער, אױס ייִד, להבדיל — די גאַנצע װעלט באַקומט גאָר דעמאָלט אַן אַנדער פּנים װי אין פּסוק שטײט בײ אונדז געשריבן: „והיה, און עס װעט זײן, ביום ההוא, דאָס הײסט אַז משיח װעט קומען!... (שטעלט זיך אָפּ).

און אפֿשר, האַ?... װען איך בין ראָטשילד, קאָן זײן, אַז איך בין גאָר מבטל דאָס געלט. אױס געלט! װאָרום, לאָמיר זיך נישט נאַרן, װאָס איז דען געלט? — געלט איז דאָך אײגנטלעך, נאָר אַ הסכם, אַן אײנגערעדטע זאַך. מען האָט גע־נומען אַ שטיקל פּאַפּיר, אַװעקגעשטעלט אַ צאַצקע און אָנגעשריבן: „טרי רובליאַ סערעבראָם" (דרײ זילבערנע [illegible]יבל). געלט, זאָג איך איך, איז נישט מער װי אַ יצר־הרע, אַ תאווה אַזע[illegible] פֿון די גרעסטע תאוות, װאָס אַלע װילן דאָס און קײנער האָט דאָס [illegible] עס זאָל לחלוטין גאָר נים זײן קײן שום געלט אױף דער װעלט, װ[illegible] יצר־הרע נישט געהאָט װאָס צו טון, און די תאווה װאָלט נישט ג[illegible] תאווה. איר פֿאַרשטײט, צי נײן? אײ װאָס? איז דאָך די קשיא, װוּ װאָלטן [illegible]מאָלט גענומען ייִדן אױף שבת? (פֿאַרטראַכט זיך אױף אַ װײַלע), איז דער תירוץ: למאי װוּ װעל איך איצטער נעמען אױף שבת?...

# כתרילעווקער פראַגרעס

## א.

### רעפערענטן און פאָרלעזער

כתרילעווקע האָט ליב ליטעראַטור, קונסט און מוזיק. נישטאָ די נאַכט, וואָס ס'זאָל דאָרט נישט זיין ווו צו פאַרברענגען. ובפרט נאָך ווינטער. די נעכט זיינען גרויס, נישט אַלע שפּילן אין קאָרטן (וועגן קאָרטן וועלן מיר רעדן אַן אַנדערס מאָל), ווילט זיך הערן אַ פריש וואָרט. איז נישט קיין טעאַטער, איז אַ קאָנצערט, איז אַזוי אַן אָוונט, איז אַ פאַרזאַמלונג, איז אַ פאָרלעזונג, אַ רעפעראַט מיט דיס־קוסיעס, אָדער אָן דיסקוסיעס.

מער פון אַלצדינג האָט מען דאָרט ליב רעפעראַטן מיט דיסקוסיעס. וואָרום אַ רעפעראַט אַליין, אַז יענער לייענט, איז נישט אינטערעסאַנט. ער לייענט, און איר דאַרפט זיצן און קוקן אים אין מויל אַריין. וויבאַלד אָבער אַ רעפעראַט מיט דיס־קוסיעס, קאָנט איר זיך אַריינמישן, קאָנט איר אויך עפּעס זאָגן אַ וואָרט, וויזן, אַז איר זייט אויך נים קיין מלופיט־קינד. און ווייל אין כתרילעווקע אַליין זיינען דאָ ווינציק לעקטאָרס, רעפערענטן און לייענער, און ווייל אויף אַ כתרילעווקער לעק־טאָר, רעפערענט אָדער לייענער, לייגט מען דאָרט ווינציק וואָס כבוד, איז מען זיך דעריבער נוהג, אַז מען באַציט די סחורה פון דרויסן, דאָס הייסט, מע טרייבט אויס לעקטאָרס, רעפערענטן, אַרטיסטן און פאָרלעזער פון דער פרעמד.

אין דעם ענין פון קאָנצערטן, רעפעראַטן, לעקציעס און פאָרלעזונגען קאָנ־קורירן ביידע כתרילעווקער „הזמירס" מיט סכנת־נפשות! שרייבן אויס די ייִדי־שיסטן אַ וועלט־באַרימטן פאָרלעזער, ברענגען אַראָפּ די העברעיִסטן אַ וועלט־באַרימטן רעדנער. מע שמייסט זיך ווי ווייט מע קאָן. אָפטמאָל טרעפט, אַז אין איינעם און דעם זעלבן אָוונט זאָלן אין כתרילעווקע זיין צוויי שמחות: אַ פאָרלעזער מיט אַ רעדנער — און די שטאָט נעבעך ווייסט אַליין נים, וווהין פריִער צו גיין, כאָטש נעם און צעריים זיך אויף צווייען! דאָס, וואָס די ייִדישיסטן מיט די העב־רעיִסטן זיינען צווישן זיך צעריסן, מאַכט נים אויס. מילא, אַז מען איז ברוגז אויפן

חזן, דעריבער דאַרף מען קיין קדוש נייט שפּרינגען? און אַגב איז מען אין כתרי־לעוווקע זייער להוט נאָך אַ פריש וואָרט. טוט מען וואָס מע קאָן — מע הערט אָפּ אַ ביסל דעם און מע לויפט הערן דעם אַנדערן. מע כאַפּט אַ וואָרט פונעם פּאַרלעזער און מע לויפט הערן אַ ביסל פונעם רעדנער. דורכלאָזן האָט מען פיינט אין כתרי־לעוווקע. דאָס לעבן איז אַזוי קורץ, אַז אַ מענטש באַדאַרף פון אַלצדינג געניסן. ווער סע זאָל ניט קומען צו פאָרן קיין כתרילעוווקע, קאָן ער זיכער זיין, אַז ער וועט, אם ירצה השם, האָבן אַ שיין אוידיטאָריום און אַז דער זאַל וועט זיין געפּאַקט, נאָך מער ווי מע באַדאַרף, און אַז ער וועט אַרויס פון דאָרט ווי פון אַ שוויץ־באָד. כתרילעוווקע קוקט נאָך דער גרויסער שטאָט און שטייט ניט אָפּ, חלילה, פון דער מאָדע אויף אַ האָר. אין דער גרויסער שטאָט איז אַ מאָדע, אַז נאָך אַ רעפעראַט, אַ לעקציע, אָדער אַ פאַרלעזונג, באַדאַרף זיין אַ באַנקעט. אין כתרילעוווקע איז אויך אַזוי. קוים האָט זיך געענדיקט דער רעפעראַט מיט דיסקוסיעס, — עס מעג זיין העט־העט נאָך האַלבע נאַכט — נעמט מען דעם מחותן, דעם רעפערענט הייסט עס, און מע שלעפּט אים אַוועק אין אַ גאַרקיך, און מע זעצט אים אַוועק אויבנאָן, און מע פראַוועט אים דאָרט אַ באַנקעט.

כמעט, קאָן מען זאָגן, איז דער באַנקעט אין כתרילעוווקע מער חשוב ווי דער רעפעראַט אָדער די פאַרלעזונג. דער גאַנצער עיקר איז דער באַנקעט. אויף באַנ־קעטן מאַכן זיינען די כתרילעוווקער אינטעליגענטן די ערשטע אין דער וועלט. ווי נאָר מע קומט זיך צונויף נאָכן לייענען, אַזוי ווערט געקוילעט אַ הערינג און אַוועק־געשטעלט ביר: דער עולם פּילט אָן די גלעזעלעך, און עס הייבן זיך אָן טאָסטן מיט לחיימס לכבוד דעם גרויסן גאַסט, וואָס ציִען זיך אַוועק אָפטמאָל ביזן ווייסן טאָג אַריין. אין די טאָסטן ווערן, אייגנטלעך, איבערגעחזרט און איבערגעקייט נאָך אַמאָל פון אָנהייב [illegible]לע פריִערדיקע דיסקוסיעס, און דער גרויסער גאַסט מוז עס אַלצדינג נעבעך [illegible] אַמאָל איסהערן און אַלעמען ווידער אַמאָל ענטפערן על ראשון ראשון [illegible]ון אַחרון. אַ מאָל, מאַכט זיך, זאָל מען דעם גרויסן גאַסט אויפן באַנק[illegible]ן אין טאָג אַריין, הייבן אויף דרוקעס, אַוועקשטעלן העכער פון שלמה המ[illegible], או[illegible] גרעסער פון שעקספּירן, להבדיל, אַזוי אַז דער קאָפּ זאָל זיך אים פאַרדרייען אויף צו חלשן. און אַמאָל, ווידער צוריק, זאָל מען דעם רעפערענט אויפן באַנקעט אַזוי צעגלידערן זיין רעפעראַט אויף שטיק־שטיקלעך, מכבד זיין מיט אַזאַ מין „קריטיקע", מיט אַזאַ מין „אַנאַליז" און מיט אַזעלכע מינים „פּלפּולים", אַז סע זאָל אים פינצטער ווערן אין די אויגן פון אַזאַ „כיבוד", און ער זאָל ניט וויסן, ווו די טיר עפנט זיך... און אַמאָל זאָלן זיך די בעלי־הבאַנקעט צווישן זיך אַליין צעאַמפּערן פאַרפירן אַ נייע דיסקוסיע מיט נייע דעבאַטן און גאָר אומגע־ריכט אַריינפאַלן אין אַ פייערדיקע מלחמה, אַזוי אַז דער גרויסער גאַסט פאָרט אַוועק פון דאָרט אַ גאַנצער, איז ער איינער אַ גליקלעכער און מעג בענטשן גומל... מע מיינט ניט, חלילה, עמעצער זאָל אים דאָרט שלאָגן אָדער אַזוי באַלידיקן. ניין, דאָס ניט. נאָר מחמת די אָרטיקע יִדישיסטן מיט די העבראַיִסטן פירן צווישן זיך אַ קאָנקורענציע, טרעפט זיך אַמאָל, אַז דער גאַסט זאָל ווערן געשעדיקט. דאָס

הייסט, ער זאָל אַריינפּאַלן אומזיסט־אומגישט אין אַ בלאָטע און זאָל ניט קאָנען זיך אָפּוואַשן נאָכדעם מיט קיין צען וואַסערן.

אַלס אילוסטראַציע צו דעם, וועלן מיר אייך דערציילן אַ מעשה, וואָס האָט געטראָפן אָט־דאָ ניט לאַנג אין כתרילעווקע מיט איינעם אַ געלערנטן העברעיִסט און אַ דאָקטאָר־פילאָזאָף, וואָס איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק, וואָס האָט צוליב קאָנקורענציע פון די צוויי פּאַרטייען און איבער אַ אינטריגע פון די צוויי כתרילעווקער גאַזעטן, אַריינגעכאַפּט זיך אין אַ מיאוסן עסק. מע האָט אויסגעטראַכט אויף אים אַ ליגן, אַ בלבול, וואָס האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזט נאָכדעם, אַז סע איז ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, נאָר ביז עפּעס־וואָס האָט אים די כתרילעווקער פּרעסע רעכט איבערגעוואַשן די ביינער, געלייטערט די נשמה און געמאַכט מיט דער בלאָטע גלייך, און די גאַנצע שטאָט האָט אים אַ צייט געהאַלטן אין מויל — עס איז געווען בזוי־בזיונות!

ומעשה שהיה כך היה:

אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָבן די העברעיִסטן אַראָפּגעבראַכט פון דער גרויסער שטאָט אויף אַן אָונט מיט דיסקוסיעס אַ באַרימטן דאָקטאָר־פילאָזאָף זאָל זיי לייענען אַ רעפעראַט מיט דיסקוסיעס. דער באַרימטער דאָקטאָר־פילאָזאָף איז געקומען קיין כתרילעווקע, אָפּגעלייענט דעם רעפעראַט, אויסגעהאַלטן די דיסקוסיעס, איבערגעלעבט דעם באַנקעט און אַוועק אויף בשלום און הלך לעולמו — אַוועק צוריק אַהיים. וואָלט געווען גוט. וואָס טוט גאָט? גייען די כתרילעווקער גאַזעטן און צעלייגן אויף זיבן טעלערלעך דעם רעפעראַט פונעם באַרימטן דאָקטאָר־פילאָזאָף און שרייבן זיך יעדע איר מיינונג. פאַרשטייט זיך, וואָס איינער זאָגט — זאָגט דער אַנדערער קאַפּויר. ווייל די „יאַרמעלקע“, דער אָרגאַן פון די העברעיִסטן, האָט אָפּגעלויבט דעם גאַסט אין טאָג אַריין, אים אָנגערופן מיטן נאָמען געניאַלער שריפטשטעלער, געזאָגט, אַז דענקען דענקט ער אַזוי ווי קאַנט און שפּינאָזאַ און רעדן רעדט ער אַזוי ווי בעבעל און זשאָרעס, האָט דער „קאַפּעליש“, דער אָרגאַן פון די יִדישיסטן, אַקוראַט פאַרקערט, געמאַכט אים צו אַש און צו בלאָטע, אים געקרוינט מיט אַזעלכע שיינע נעמען, ווי „בטלן“, „שטאַמלער“, „פּלאַפּלער“, „באַנק־קוועטשער“, „צבועק“, וכדומה. „צבועק“ האָט ער אָנגערופן דעם רעפעראַנט דער־פאַר, וואָס ער האָט אין זיין רעפעראַט געזאָגט מוסר דעם עולם, למאַי מע איז ניט יִדישלעך געגוג, למאַי כתרילעווקער בחורים זיצן אין קינעמאַטאָגראַף אַן אַ היטל און כתרילעווקער מיידלעך טראָגן אום שבת זאַנטיקלעך, טיכלעך, הענטשעקלעך און נאָך אַזעלכע זאַכן בפרהסיה... האָט דאָס מסתמא רעכט פאַרדראָסן די העב־רעיִסטן, און זייער אָרגאַן, די „יאַרמעלקע“, איז אַרויס מיט אַ „קריטיקע“ אויף די יִדישיסטן און געפרעגט אַ קלאָץ־קשיא: פון וואַנען ווייסן דאָס עם־הארצים, גראָבע יונגאַטשעס, באַד־יונגען, שטיוול־פּוצער, בעל־עגלהס און באַהעלפערס, וואָס קאָנען ניט קיין צלם פאַר קיין אַלף, צו זאָגן מבינות אויף אַזאַ גרויסן געלערנטן, אויף אַזאַ באַרימטן דאָקטאָר־פילאָזאָף און אויף אַזאַ געניאַלן רעפעראַנט? האָט זיך מסתמא דער אָרגאַן פון די יִדישיסטן, דער פּראָגרעסיווער „קאַפּעליש“, ניט גע־

פוילט און האָט אויף מאָרגן אָפּגעענטפערט דעם קאָנקורענט מיט אַ „קריטיקע" און האָט געפרעגט אַ קשיא אויפן גרויסן גאַסט, ווי אַזוי שטעלט זיך דאָס אַוועק אַ ייִד, ער מעג זיין אַ גרויסער געלערנטער און באַרימטער דאָקטאָר־פילאָזאָף און אַ געניאַלער רעפעראַנט, צו זאָגן פאַר אַן עולם מוסר, למאי מע זיצט אָן אַ היטל אין קינאָמאַטאָגראַף, און למאַי מיידלעך טראָגן זאָקטיקלעך, מיט טיכלעך, מיט הענטשקעלעך אום שבת, בשעת ער אַליין, דער גרויסער געלערנטער, דער באַרימטער דאָקטאָר־פילאָזאָף און געניאַלער רעפעראַנט, האָט בסך־הכל צוויי שוועסטער, איז איינע אַ משומדתטע און די אַנדערע גלאַט אַ גנבטע?...

פאַר די העברעיִסטן איז די דאָזיקע אומערוואַרטעטע קריטיקע פון דעם ייִדישיסטן „קאַפעליש" געווען אַ מין באָמבע, און זיי האָבן זיך די ערשטע צייט



יעקב דינעזאָן, י. ל. פרץ און שלום עליכם (1914)

פאַרלוירן, דערנאָך האָט מען אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג מיטן רעדאַקטאָר פונעם „יאַרמעלקע" בראש, און ס'איז געבליבן, מע זאָל אַוועקקלאַפּן אַ דעפּעשע צום רעפערענט און אָנפרעגן זיך ביי אים גאַנץ אויפריכטיק אויף זיינע שוועסטער. נאָר ווי אַזוי פרעגט מען יענעם גלאַט אַזוי? וואָרום טאָמער איז דאָס אַן אמת — אפשר האָט ער טאַקע צוויי שוועסטער, איינע אַ משומדתטע און די אַנדערע אַ גנבטע, — הייסט דאָך עס עפּעס דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פנים! איז געבליבן, מע זאָל אים אָנפרעגן סתם טעלעגראַפיש און באַצאָלן פאַר אַן ענטפער: „וואָס מאַכן אייערע שוועסטער?" איז אַוועקגעגאַנגען אַ טאָג און צוויי — נישטאָ קיין ענטפער! ערשט

אויפן דריטן טאָג קומט אָן אַ טעלעגראַמע פון צוויי ווערטער: „וואָסערע שוועסטער?“ בעמען די העברעיִסטן און קלאַפּן אַוועק קלאַפּן נאָך אַ טעלעגראַמע און מיט אַן ענטפער: „אייערע צוויי שוועסטער“. גייט ווידער אַוועק אַ טאָג און צוויי, און עס קומט אָן אַ ענטפער: „איך האָב ניט קיין שוועסטער“. פוילן זיך ניט די העברעיִסטן און קלאַפּן אַוועק אַ דריטן מאָל אַ דעפּעש: „אפשר זיינען אייערע שוועסטער געשטאָרבן?“ קומט אָן אַן ענטפער; ווייזט אויס מיט בייזן שוין: „וואָס ווילט איר? איך האָב קיין־מאָל ניט געהאַט קיין שוועסטער! איך בין אַן איין און איינציקער“.

דאָס איז געווען אַן אָפּפרישונג פאַר די העברעיִסטן. ווי אַ גוטער רעגן אין אַ טרוקענעם זומער. עס איז זיי אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן. קודם כל האָבן זיי אָפּגעדרוקט אַלע דעפּעשן אין דער „יאַרמעלקע“ און צוגעגעבן אַ רעכטן פירוש צו די טעלעגראַמען — לאָז די וועלט וויסן, אויף וואָס ידישיסטן זיינען פעיִק. און חוץ לזה האָבן זיי צונויפגענומען אַלע בלעטער, וווּ ס'איז געווען געדרוקט די מעשה מיט די שוועסטער, און האָבן עס אַוועקגעשיקט צום רעפעראַנט. איז דער רעפע־ראַנט, אַ היציקער פאַרשוין און אַ האַנאַריסט, געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט און האָט אַוועקגעוואָרפן האַק און פּאַק און איז געקומען צו פאָרן קיין כתרילעווקע און האָט איינגעגעבן אויפן „קאַפּעליש“ און אויף אַלע ידישיסטן אַן „איסק“, אַרויסגע־רופן צום געריכט אַ מאַסע עדות, געוואָלט אַריינפּאַקן די חברה אין חד־גדיא אַריין פאַר רכילות און פאַר לשון־הרע און פאַר פערזענלעכער באַליידיקונג. און בכדי צו באַווייזן, אַז ער איז ריין, אַז ער האָט ניט קיין שוועסטער, ניט קיין משומדתטע, ניט קיין גנבטע, און אַז ער האָט בכלל קיינמאָל קיין שוועסטער ניט געהאַט, האָט ער אַרויסגעפאָדערט פון זיין שטאָט די מעטריקעס פון זיין גאַנצער משפחה, וואָס האָבן אַרויסבאַוויזן, אַז נישט נאָר ער איז ביי זיין טאַטע־מאַמע אַ בן־יחיד — אַפילו זיין טאַטע האָט אויך קיין שוועסטער ניט געהאַט. דאָס אַלצדינג האָט אָבער ווינציק וואָס געהאָלפן צום משפט. די העברעיִסטן האָבן פאַרלוירן. די ריכטער האָבן אַרויסגעטראָגן אַזאַ מין רעזאָלוציע: „אַז דער באַשולדיקער זאָל האָבן שוועסטער, און יענע זאָלן האָבן אויסגעטראַכט אויף זיינע שוועסטער אַ בלבול, און דער בלבול וואָלט זיך אַרויסבאַוויזן פאַר אַ ליגן, — וואָלטן די באַשולדיקטע באַקומען זייער שטראָף לויטן געזעץ. נאָר אַזוי ווי דער באַשולדיקער אַליין האָט באַוויזן, און די צוגעשטעלטע פּאַפּירן באַשטעטיקן, אַז ער האָט קיין שוועסטער קיינמאָל ניט גע־האַט, — קומט אויס, אַז די באַשולדיקטע האָבן גערעדט לשון־הרע אויף אַזעלכע, וואָס זיינען קיינמאָל נישט געבוירן געוואָרן; נמצא, אַז ס'איז נישטאָ קיין באַליי־דיקטער. וויבאַלד אַזוי, זיינען נישטאָ קיין באַליידיקטע און קיין באַליידיקטער — און דער משפט איז בטל“.

## עפּילאָג

יענעם טאָג האָבן די העברעיִסטן מיט דער „יאַרמעלקע“ [illegible] געהאַלטן אַ עקס־טראַ־פאַרזאַמלונג, און די ידישיסטן מיטן „קאַפּעליש“ בראש האָבן געמאַכט אַ קערמעשל און געהאַלטן דרשות אַ גאַנצע נאַכט, געטרונקען, געזונגען און געטאַנצט ביזן ייסן טאָג אַריין. ס'איז געווען דער אמתער „ליהודים“.

ב.

## כתרילעווקער טראַמוויי

אָנגעקומען בין איך קיין כתרילעווקע מיט דער באַן — עס גייט שוין, דאַנקען גאָט, אַהין אַ באַן! — אָסיען צייט, אין דער פרי, פאַרן דאַוונען. אין דרויסן האָט געמראַקעט אַ קליין רעגנדל, און סע האָט זיך געבילדעט פון דעם אַ גרויס שיטער בלאָטקעלע. אויפן וואָקזאַל האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אקעגן מיר אַ גאַנצע קאָמאַנדע הויז־משרתים מיט געלע בערד, מיט געלע קאַפּאָטעס און מיט געלע בלעכלעך אויף די געלע אָפּגעבאַרעטע קאַשקעטלעך.

— פּעטער! גראַנד־האָטעל!

— האָטעל פראַנציע, פּעטער!

— פּעטער! פּאַרטוגאַליע!

— פּעטער! טערקאַליע!...

דורכגעלאָפן מיט גאָטס הילף דורך דער דאָזיקער קאָמאַנדע הויז־משרתים בשלום, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט צווישן אַן אַנדער חברה, חברה בעלי־עגלות מיט גרויסע שטיוול און מיט לאַנגע בייטשן. די דאָזיקע חברה־לייט האָבן מיך ממש שיער ניט צעריסן מיין טשעמאָדאַנטשיק, האָב איך געמאַכט זייער אַ גרויסן געוואַלד: „מיינע כתבים! מיינע פּאַפּירן!״ — האָבן זיך צוויי אַנדערע בעלי־עגלות אָנגענומען מיין קריוודע, מיך געוואָלט נעמען צו זיך, און ס׳איז געוואָרן צווישן זיי אַ געשלעג. בתוך כך האָב איך געכאַפּט מיין טשעמאָדאַנטשיק, אַרויסגעגליטשט זיך פון זייערע הענט און האָב זיך געלאָזט גלייך צום טראַמוויי.

— אַהער, ברידערלעך, אַהער! אַ פּיטאַקל אַ פּאַר! אַ פּיטאַקל אַ ייִד! פון דאַנען ביזן עק בעלעפּיליר גאַס סך־הכל איין פּיטאַקל! פינף קאָפּיקעס אַ ייִד!

דאָס שרייט דער קאָנדוקטאָר אַליין, אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ געל בערד, אויף אַ כאָרכלדיקער שטימע, מיט אַ ריזשטאַש אויפן האַלדז און מיט אַ קנעפּל אויפן קאַשקעטל. נעבן אים שטייט נאָך איינער, אַ ייִד מיט אַ צעריסענער קאַפּאָטע און מיט אַ בייטש — דער קוטשער פונעם טראַמוויי. בידע ווייזן מיר מיט די הענט אויף אַ מין בידל, וואָס שטייט אָנגעבויגן אַ ביסל אויף אַ זייט, מיט אויס־געזעצטע שויבן, וואָס מע רופט דאָס „וואַגאָן״; ביי אַ לאַנגן דישל שטייט צוגע־שפּאַנט אַ ווייס אויסגעדאַרט פערדל, האַלט אַראָפּגעלאָזט די מאָרדע און דרימלט.

— פּאַוואָלי נאָר, — זאָגט צו מיר דער קאָנדוקטאָר — איר זאָלט זיך ניט פאַרטשעפּען דאָרט; עס פעלט אַ ברעטל אין דער פּאַדלאָגע. מע רעמאָנטירט דעם טראַמוויי.

איך זעץ מיך אַריין פּאַמעלעך אין וואַגאָן, לייג אַנידער נעבן זיך דעם טשע־מאָדאַנטשיק און וואַרט. ס׳איז קילבלעך. איך קלאַפּ אַ פוס אָן אַ פוס.

— קאָנדוקטאָר! — זאָג איך צום יונגנמאַן. — מיר וועלן אַמאָל פאָרן, צי ניין?

— אם ירצה השם, מיט גאָטס הילף! — ענטפערט מיר דער קאָנדוקטאָר.

— גיב נאָר אַהער אַ ביסל טיטון, דו־יאָסל! — מאַכט צו אים דער קוטשער, וואָס מיט דער בייטש און מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע.

— איר זייט ניט קראַנק צו רויכערן קאַרענציס, רב כתריאל! — האַקט אים אָפּ יאָסל דער קאָנדוקטאָר. — פון גוטן טיטון קאָן איך חלילה ווי טון דער קאָפּ!

— מאַך ניט קיין אָנשטעלן, דו לײדאַק אײנער, און געב אַהער אַ ציגאַר טיטון! — זאָגט צו אים כתריאל דער קוטשער.

און דער קאָנדוקטאָר מיטן קוטשער פאַרדרייען צו פּאַפּיראָסן.

— ווען וועלן מיר פאָרן? — פרעג איך ווידער ביים קאָנדוקטאָר.

— היינט. — ענטפערט ער מיר גאַנץ קאַלטבלוטיק און גיט דעם קוטשער פאַררויכערן.

איך וואַרט און וואַרט, ביז עס הייבן אָן ביסלעכווייז צונויפקלייבן פאַרשוינען. פריער קריכט אַריין אַ ייד מיט אַ צעריסן טולופּל פון אַ מין רויכוואַרג, וואָס ס'איז שווער צו טרעפן, וואָס פאַר אַ חיה האָט געטראָגן די דאָזיקע פעל: זאָל איך זאָגן אַ יפוקס — איז דאָס צו ווייס; זאָל איך זאָגן אַ קאַץ — איז דאָס צו רויט. נאָך דעם ייִדן מיטן צעריסענעם טולופּל קריכט אַריין נאָך אַ ייד אָן אַ טולופּל, אַ געפרוירענער נעבעך, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן, זיפצט און זוכט אָן אָרט און זעצט זיך אַנידער ביי דער טיר אין אַ ווינקעלע. נאָך דעם געפרוירענעם ייִדן קריכט אַריין אַ קאַשעק מיט עפּל, און תיכף נאָכן קאַשעק — אַ יידענע, איינגעוויקלט אין דריי שאַלן, און אַלע דריי זײנען צעפלאָכטן, און מע זעט, אַז ס'איז איר נעבעך קאַלט.

— פיאַ־אויס! רב כתריאל, פּאַשאָל! — רופט זיך אָן יאָסל דער קאָנדוקטאָר צו כתריאל דעם קוטשער, טוט אַ פייף, און דער טראַמוויי רירט פונעם אָרט. ער גייט אָפּ עטלעכע טריט און שטעלט זיך באַלד אַנידער. עס עפנט זיך אויף דאָס טירל פונעם וואַגאָן און עס באַווייזט זיך אַ קאָפּ.

— נישט פאַראַן דאָ משה?

— וואָסער משה? — פרעגט יאָסל דער קאָנדוקטאָר.

— אַ בחור מיט אַ קאַשקעט! — ענטפערט דער קאָפּ.

— ער דינט אין זאַליאַזנע קראָם? — פרעגט יאָסל.

— אין אַ זאַליאַזנע קראָם — ענטפערט דער קאָפּ.

— איך קען אים! — מאַכט יאָסל קאָנדוקטאָר, טוט אַ פייף צום קוטשער: — פיאַ־אויס! רב כתריאל, פּאַשאָל!

און מיר פאָרן ווייטער.

— אַ בילעט! — רופט זיך אָן צו מיר דער קאָנדוקטאָר. — איר זייט מ׳יר עפּעס ניט קענטלעך; אַפּנים, ניט קיין היגער?... איר רעכנט דאָ שטיק לאַנג? קאָן איך אייך פאַרפירן אין אַ סטאַנציע, דווקא ניט קיין האָטעל, נאָר אַ ריינע, אָן וואַנצן... און עסן וועל איך אייך אָנווייזן אַן אָרטל, וווּ עס וועט אייך קאָסטן וואָלוול און איר וועט האָבן הנאה.

איך דאַנק אים זייער און זאָג אים, אַז איך האָב דאָ באַקאַנטע. פרעגט ער:

ווער זיינען זיי, וואָס זיינען זיי און וואָס איז זייער טועכץ? איך טראַכט אים אויס אַ גאַמען פון דער הגדה און טשעפּע מיך אָפּ פון אים. ער לאָזט מיך צורו און גייט צו צום יידן מיטן טולופּל און הייסט אים נעמען אַ בילעט. דער ייד מיטן טולופּל קנייטשט מיט די פּלייצעס:

— ווייס איך! איך האָב דען אַ גראָשן אַפילו ביי דער נשמה?...

— שוין דאָס דריטע מאָל היינטיקע וואָך, אַז איר פאָרט אָן אַ בילעט! — זאָגט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר מיט פאַרדראָס.

יאָסל קאָנדוקטאָר טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און גייט אַוועק פון אים צו יענעם געפּרוּוירעטעם יידן, וואָס אָן אַ טולופּ. יענער מאַכט זיך ווי ער דרימלט.

— הער נאָר, זייט־זשע מוחל, אַ בילעט!

דער ייד האָט זיך כלומרשט אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף און רייבט אַ האַנט אָן אַ האַנט.

— אַ בילעט! מאַכט צו אים נאָכאַמאָל יאָסל קאָנדוקטאָר.

— שמעתי! — מאַכט דער ייד און הוקעט זיך אין די קולעקעס אַריין.

— וואָס טויג מיר אייער שמעתי? — זאָגט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר מיטן האַרבן וואָרט. — נעמט אַרויס, זייט מוחל, אַ פּיטאַקל און נאָט אייך אַ בילעט.

— שאַ־שאַ! — מאַכט צו אים דער געפּרוּוירעטער. — וואָס איז עפּעס מיט אַזאַ ירגזון? קוק אים אָן, אַ גאַנצער יחסן!

— מאַכט ניט קיין אָנשטעלן — זאָגט אים יאָסל קאָנדוקטאָר — און גיט אַהער דאָס פּיטאַקל.

— עט־נו! — מאַכט צו אים דער געפּרוּוירעטער. — מיר ווערסטו, מאָלט אייך, עפּעס אָפּלאָזן פון אַ פּיטאַקל.

— מיינע צרות וועל איך אייך אָפּלאָזן! — זאָגט יאָסל קאָנדוקטאָר.

— האַלט זיך מיט זיי געזונטערהייט! — ענטפערט אים דער געפּרוּוירעטער.

— איך האָב גענוג אייגענע צרות.

— וועל איך אייך בעטן מחילה, איר זאָלט זיך מטריח זיין אַראָפּ פונעם וואַגאָן! (צום קוטשער): רב כתריאל, סטאָפּ!

כתריאל דער קוטשער שטעלט אָפּ דעם טראַמוויי און איז זיך ממש מחיה, און דאָס פערדל — אַוודאי.

— זייט זשע מוחל, מיט דער רעכטער פוס! זאָגט יאָסל קאָנדוקטאָר צום געפּרוּוירעטעם. דער געפּרוּוירעטער זיצט, טאַנצט מיט די פיס און רייבט זיך די הענט און רירט זיך ניט פונעם אָרט.

— איר וואָרט אויף כבוד? — מאַכט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר. — איר ווילט, איך זאָל אייך נעמען פאַרן קאָלנער און אַרויסוואַרפן אויף דריי שפּענדלעך? לאָז קומען וועלוול דער „קאָנטראָליר״, ער איז ביי אונדזער קאָסירער אויף אַ ברית, וועט איר האָבן אייער פּסק. רב כתריאל, פאַשאָל! — מאַכט ער צום קוטשער, און דער טראַמוויי פאָרט ווייטער.

— נישטאָ קיין אמת אויף דער וועלט! — רופט זיך אָן פלוצים די יידענע

פון די עפּל. — מיט וואָס איז דער ייִד ערגער פון יענעם ייִדן, וואָס יענער מעג פאָרן אָן אַ בילעט און דער טאָר ניט? באשר יענער טראָגט אַ טולופּל, און דער גייט נאַקעט! ער וועט דיר אָפּניצן אַ שטיקל בענקל וועט ער דיר? צי דו מיינסט, מע וועט דיר שטעלן אַ גאָלדענע מצבה וועט מען דיר?

— ווער בעט אייך. איר זאָלט זיך אַרויסשטעלן פאַר אַ מליץ־יושרטע? — רופט זיך אָן צו איר יאָסל קאָנדוקטאָר — וואָס גלייכט איר זיי צו יענעם ייִדן? יענעם ייִדן קען איך: ער איז אַ טאַטנס אַ קינד, נעבעך אַ גופאַלעבער. און זיי (ער ווייזט אויפן געפּרווירענעם) — איך ווייס ווער זיי זיינען? עפּעס אַן אָרעמאַן, אַ שלעפּער!

— נו, און אַז אַן אָרעמאַן, איז וואָס? — שטעלט זיך אויף די ייִדענע פון די עפּל. — באַדאַרף מען אים וואַרפן? וואָס איז פאַר אַ וואַרפן וואָס? זע נאָר, וואָס ער האָט דאָ חוטא־בעגל געווען! דאָס פערדל גייט דאָך במילא אין שטאָט אַריין, וועט זיצן נאָך אַ ייִד! עלעהיי, לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז דו האָסט שוין צוגענומען נאָך אַ פּיטאַקל, נו? וועסטו זיי שוין פּעט מאַכן דערמיט די יויך וועטסטו?

— אַז מע פרעגט אָבער ביי אייך קיין עצות ניט! — מאַכט צו איר יאָסל קאָנדוקטאָר. — איר גיט בעסער אַהער אייערס אַ פּיטאַקל און נאָט אייך אַ בילעט!

— אוי, ייִדן! — כאַפּט זיך אויף די ייִדענע, טוט אַ פּאַטש איבער די קליידלעך, — איך האָב אָבער געוווסט, אַז ער וועט זיך טשעפּען צו מיר אויך! איך זאָל אַזוי האָבן אַלדאָס גוטס, ווי איך האָב געוווסט!

— וואָס זשע דען האָט איר געמיינט? — זאָגט יאָסל קאָנדוקטאָר. — איך וועל אייך פירן אומזיסט?

— וואָס הייסט, דו ווּסט מיך פירן — מיכט די ייִדענע. — דער וואַגאָן פירט מיך, ניט דו פירסט מיך! ער האָט זיך אָנגעהאַנגען אַ מעשן קנעפּל און קאַראַנדע־וועט! איך געדענק דאָך נאָך, אַז דו ביסט געווען אַ באַהעלפער ביי לייזער־הערש דרדקי ביסטו געווען, געטראָגן די קינדער אויף די פּלייצעס אין חדר אַריין מיט אַ טעפּעלע אָנבייסן, — היינט וואָס דערציילסטו מעשיות: „בילעט — שמילעט“?

— וואָס זאָגט איר צו מיינע גליקן? — מאַכט צו מיר יאָסל און זעצט זיך צו צו מיר. — אָט אַזוי, ווי איר זעט, זיינען זיי דאָ אַלע אַזעלכע פאַרשוינען, ווער עס האָט געלט און קען צאָלן — דער גייט צו פוס, און ווער עס האָט ניט און קאָן ניט צאָלן — דער פאָרט מיטן טראַמוויי, און גיי לעב, האַלט אויס אַן אַלטע מאַמע מיט אַ שוועסטער אַן אַלמנה... איר זעט אַ פאָר שטיוול? (ער ווייזט מיר די שטיוול) זיי בעטן עסן...

פּלוצים הערט זיך אַ טראַסק, אַ קלאַפּ פון צוויי דישלעס, אַ כראָפּען און אַ סאָפּען פון צוויי פערד. דאָס האָבן זיך באַגעגנט צוויי וואַגאָנעס אויף איין ליניע, דער אַהער, דער אַהין. און עס הערן זיך קללות:

— אַ חלירע! אַ מיתה משונה! סע זאָל אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטנס טאַטן אַריין ביז אָדם הראשון געפּל יגן געוואָרן!...

— ווער דערוואָרגן מיטן דישל, און לאָז זיך דיר שטעלן דאָס מויל אויף אָ זייט! אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן! דו ביסט בילכער!

— ווו זיינען דיינע אויגן? ו זעסט, אַז איך פאָר רעכטס — נעמט מען זיך לינקס!

— ווו שטייט דאָס געשריבן, דו פאַרך איינער, אַז דו באַדאַרפסט פאָרן רעכטס און איך לינקס? טאָמער איז גאָר איבערגעקערט דעם פּעלץ אויף דער אַנדערער זייט: איך רעכטס און דו לינקס?

— בהמה, דערויף איז דאָך פאַראַן צוויי ליניעס; איך אַהער און דו אַהען!

— ביסט אַליין אַ פערד! ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז דו אַהער און איך אַהין?

— ווייסטו וואָס? כאַפּט זיי בעני מיט זייערע ליניעס, מיט זייערע וואַגאָנעס, מיט זייער גאַנצן טראַמוויי! געב נאָר אַהער, כתריאל־סערדצע, אַ ציגאַר טיטון, טאָמער האָסטו? ברענגען זאָלן זיי מיטן טראַמוויי אויף איין פייער! וואָס מאַכט עפּעס די אַלטע דיינע? שטילער געוואָרן אַ ביסל?

— ווי לאַנג שמייסט מען זי! שטיל איז נאָר דעמאָלט, ווען זי שלאָפט. וואָס הערט זיך עפּעס ביי דיר?

— וואָס זאָל זיך הערן? מע ציט מיר אויף די „פאַסטראַנקעס". איך האָב מורא, איך וועל מיט זיי שלאָגן כפרות...

— ווייסט מען ניט וואָס מען טוט, בהמה? דו שלאָג בעסער מיט זיי בלאָט; נעם זיי אויפן „דראַנושיק", אַזוי ווי איך, וועלן זיי געבן האָבער.

— געבן זאָל זיי גאָט קרענק מיט קדחת אַ גרויס מעסטל!... וואָס טוט עפּעס דער „בולאַנער" דיינער? ער גייט שוין ביי דיר אין פּריסטיאַזשט? צי נאָך ניט?

— לאָז ער דיר גיין אין גאָטס ערד! ער האָט מורא פאַר אַ בייטש און מאַכט „לעמעל"... אַ שוועבעלע האָסטו? גיב פייער!

און אָט לאָזן זיך אַריין ביידע קוטשערס אין אַ לאַנגן שמועס אויף בעל־עגלה־לשון, ווי די בעסטע גוטע ברידער. אויך ביידע קאָנדוקטאָרס פאַרבינדן צווישן זיך אַ שמועס גאָר פריינדלעך, ביז עס קומט אָן וועלוול קאָנטראָליר, פריי־לעך פונעם קאַסירערס ברית, און מאַכט אַ געפילדער:

— אַ רוח אין אייער פאַרענט און מיטן אַריין! איר האָט זיך שוין ווידער פאַרביטן מיט די יוצרות? אייער, גליק וואָס איך בין היינט אַ ביסל אויפגעלייגט פונעם ברית, וואָס אונדזער קאַסיר מאַטי האָט געמאַכט... הערט איר, קינדער, האָט ער געמאַכט אַ ברית — זאָל אַ רוח אין אייער טאַטן אַריין! ניט אומזיסט זיצט ער ביי דער קאַסע... איך וואָלט אויך אַ בעלן געווען! אַ סך בעסער ווי זיין אַ קאָנטראָליר, נאָכלויפן נאָכן וואַגאָן, ווי אַ הונט!... ייִדן! וואָס האָט זיך דאָ ביי אייך געטראָפן? ווידער אַ קאַטאַסטראָפע? ווידער אַ צוזאַמענפאָרעניש? ווו זיינען אייערע אויגן? די פאַרשווינען — כאַפּט זיי דער וואַטנמאַכער! אַ גליק, וואָס די וואַגאָנעס ניט צעבראָכן. בקיצור, איר מוזט זיך, קינדער, צעפאָרן... רב כתריאל־סערדצע, נעמט, זייט מוחל, שפּאַנט איבער דאָס פערדל מיטן דישל און פאָרט צוריק אויפן וואָקזאַל, און רב עזריאל וועט איך נאָכפאָרן הינטן...

— וואָס איז עפּעס געפּאַלן דער גורל אויף מיר? — זאָגט כתריאל. — לאָז עזריאל איבערשפּאַנען דאָס פערדל און לאָז ער פאָרן צוריק אין שטאָט אַריין, און איך וועל אים נאָכפאָרן הינטן.

— רב עזריאל! — רופט זיך אָן דער קאָנטראָליר. — נעמט, זייט מוחל, שפּאַנט איבער דאָס פערדל און פאָר צוריק אין שטאָט אַריין.

— אָבער גאָר לא מיט אַ לאַנגע־כּף! — זאָגט עזריאל. — איך קאָן באַשטיין, אַז כתריאל זאָל איבערשפּאַנען דאָס פערדל און פאָרן צוריק צום באַן. ער איז ניט חולה.

— איך זאָל וויסן, דער טויט זאָל מיר זיין — זאָגט כתריאל — פאָר איך ניט צוריק!

— איך זאָל וויסן, אַז איך נעם דאָ איין אַ מיתה־משונה, — זאָגט עזריאל — ריר איך ניט פונעם אָרט!

— אַזאַ יאָר! אַזאַ מזל! — מישט זיך אַריין די ייִדענע כאַפּט דעם קאָשעק מיט עפּל און קריכט אַרויס פונעם טראַמווײַ. — אַ שיינער פּאָר! פּיטאַקלעך הייסן זיי זיך נאָך צאָלן! ווען איך גיי צו פוס, וואָלט איך שוין זעקס מאָל געווען אין שטאָט. וואָלט איך! אַ „טראַמבעליק" האָבן זיי צוגעקלערט אין כתרילעווקע — טפו זאָלן זיי ווערן!...

„אַפּנים, — טראַכט איך מיר — אַז מע באַדאַרף נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און עולה־רגל זיין אין שטאָט אַריין"...

איך נעם מיין טשעמאָדאַנטשיק אין די הענט אַריין און לאָז מיך גיין מחילה צו פוס; פאָרן פון הינטן חברה בעלי־עגלטשעס מיט אַ פייף, מיט אַ הוק און מיט אַ געלעכטער.

— אַהאַ? דער רבי האָט ניט געוואָלט עסן קיין טייגלעך מיט פאַסאָליס? איר האָט נישט געוואָלט פאָרן מיט אַ פּראָסטן בעל־עגלה? מיטן „טראַמבעליק" האָט זיך אייך געגלוסט? אייער גליק, וואָס איר זייט נאָך אַרויס גאַנץ, נישט געמאַכט פון אייך קיין פּרעזשעניצע... קריכט שוין אין בויד אַריין, פעטער, מיטן טשעמאָדאַנטשיק, קריכט אין וואָס פאַר אַ בויד איר ווילט, — ביי אונדז איז יד־אחת, אַ מכּה בחברותה, וואָס גאָט גיט, אַבי איינאיינעם... וויאָ, קינדער, וויאָ־וויאָ!...

איך קריך מיט מיין טשעמאָדאַנטשיק אין בויד אַריין און פאָר אַריין קיין כתרילעווקע מיט גרויס פּאַראַד.



# מיט די עמיגראַנטן

## א.

אַז איר ווילט פאָרן קיין אַמעריקע, זאָלט איר פאָרן מיט עמיגראַנטן. אַז איר פאָרט מיט עמיגראַנטן, איז אייך גוט. קומט איר אין אַ שטאָט, פאַרשפּאָרט איר זוכן אַן אַכסניה. מע האָט אייך אָנגעגרייט אַן אַכסניה פון פריער. דערויף איז דאָך געמאַכט געוואָרן אַ קאָמיטעט. אַ קאָמיטעט זעט, אַז איר זאָלט האָבן אַלצדינג גרייט. מיר, אַז מיר זײַנען אָנגעקומען די ערשטע נאַכט קיין קראָקע, האָט מען אונדז באַלד פאַרטריבן אין אַזאַ מין שטוב, אָדער קאַמער אָדער אַ שטאַל. דאָרט האָבן מיר אָפּגעוואָרט ביז אין דער פרי. אין דער פרי איז מען געקומען צו אונדז פונעם קאָמיטעט און מע האָט אונדז פאַרשריבן אַלע ביי די נעמען. די מאַמע האָט אַפילו ניט געוואָלט זאָגן אונדזערע נעמען. זי האָט מורא געהאַט פאַרן פּריזיוו. אַ קשיא אויף אַ מעשה? האָבן די עמיגראַנטן זי אויסגעלאַכט: וואָס גייט אָן קירע־דייטש אונדזער רוסישער פּריזיוו? נאָכדעם האָט מען אונדז געבראַכט אַלע אויף אַ גרויסער אַכסניה. אַ גאַנצע שטוב מיט אַ סך בעטלעך מיט אָן אַ שיעור עמיגראַנטן. „עס זעט דאָ אויס ווי ביי אונדז אַ הקדש“. אַזוי געפינט מײַן מאַמע. און מײַן שוועגערן ברכה זאָגט: „שוויגער, לאָמיר בעסער פאָרן ווייטער“. איך האָב אייך שוין געזאָגט אַמאָל, אַז די ווייבער האָבן אַ טבע — עס געפעלט זיי ניט קיין זאַך. אויף אַלצדינג געפינען זיי אייך אַ חסרון. אויף דער שטאָט קראָקע האָבן זיי גלאַט געוואָרפן אַן אומחן פון דער ערשטער מינוט. אַפילו מײַן ברודער אליהו איז אויך אין כעס אויף קראָקע. קראָקע, זאָגט ער, איז ניט לעמבערג. אין לעמבערג איז כאָטש דאָ ייִדן, און אין קראָקע איז ניטאָ קיין ייִדן. דאָס הייסט, ס'איז דאָ ייִדן, נאָר משונה־מאָדנע ייִדן — אַנדרוגינוסען, האַלב ייִד האַלב פּליאַקע, פאַרדרייט די וואָנסיס און „פּראָשע פּאַני!“... אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. נאָר אונדזער חבר פּיני וויל אים איבערשפּאַרן. ער זאָגט אַז דאָ איז פאַראַן מער „ציוויליזאַציע“. איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס איז דאָס אַזעלכעס „ציוויליזאַציע“, וואָס אונדזער חבר פּיני קאָן זיך אָן דעם ניט באַגיין?

ב.

אויף דער אכסניה, וואָס מע האָט אונדז אַנגעגרייט פונעם קאָמיטעט, איז אויסגעצייכנט גוט. דאָס הייסט, עס איז ניט אַזוי גוט, ווי פֿריילעך. מע באַקאַנט זיך אַלע מאָל מיט נייע עמיגראַנטן, מע זיצט אינאיינעם, מע דערציילט מעשיות. אַך, וואָס פֿאַר אַ שיינע מעשיות! נסים ונפלאות! נסים פֿון פּאָגראָם, נסים פֿונעם פּריזיוו, נסים פֿון דער גרענעץ. איטלעכער דערציילט אַן אַנדערע מעשה פֿון זיין אַגענט. איינער פֿרעגט ביים אַנדערן: „וועד איז געווען אייער אַגענט ביי דער גרענעץ — אַ רויטער צי אַ שוואַרצער? ענטפֿערט אים דער אַנדערער: „ניט קיין רויטער, ניט קיין שוואַרצער, נאָר אַזוי אַ גנב"...

געוויינטלעך, דערציילן מיר אונדזער נס אויך, ווי אַזוי גאָט האָט מיט אונדז געפֿירט, ווי אַזוי מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ, ווי אַזוי די אַגענטן האָבן אונדז באַפֿאַלן, ווי אַזוי מיר האָבן זיך באַקענט מיט אַ ייִדענע, ווי אַזוי די ייִדענע האָט ביי אונדז אויסגענאַרט די זאַכן, ווי אַזוי אירע שומרים, צוויי ערלים, האָבן אונדז פֿאַרפֿירט אין אַ וואַלד, געפֿרעגט אונדז, וויפֿל געלט מיר האָבן, און אַרויסגענומען מעסערס אויף צו קוילען, אַ גליק, וואָס אונדזער ברכה האָט אַ טבע צו חלשן און וואָס די מאַמע האָט געמאַכט אַ גוואַלד, — האָט זיך דערהערט אַ שאָס, זיינען די ערלים אַנטלאָפֿן און מיר זיינען דערוויל אַריבער אויף יענער זייט... אַלע הערן אויס אונדזער מעשה, שאָקלען מיט די קעפּ און שמוצערן מיט די ליפּן. איינער אַ הויכער עמיגראַנט מיט אַ בייזן קוק און מיט וואַטע אין די אויערן טוט אונדז אַ פֿרעג: — ווי אַזוי זעט זי אויס, די ייִדענע? אַ פֿרומע, אַ כשרע, מיט אַ שייטל אויפֿן קאָפּ?

דערהערט, אַז אונדזער ייִדענע איז אַ פֿרומע, אַ כשרע, מיט אַ שייטל אויפֿן קאָפּ, — טוט דער הויכער עמיגראַנט מיטן בייזן קוק זיך אַ כאַפּ אויף און אַ זאָג צו זיין ווייב, וואָס זי הייסט שרה:

— שרה! דו האָרכסט? ס'איז דאָך די אייגענע ייִדענע!

— אַ חלירע זאָל קומען אויף איר און אויף אַלע אַגענטן, רבונו של עולם!

אַזוי זאָגט זיין ווייב, שרה, און זי דערציילט אונדז אויך אַ פֿיינע מעשה, ווי אַזוי די אייגענע ייִדענע מיטן שייטל האָט זי אָפּגענאַרט, באַנומען פֿון קאָפּ ביז פֿיס און געוואָלט אַריינרוקן זיי שיפּסקאַרטן קיין אַמעריקע.

דערהערט דאָס וואָרט „שיפּסקאַרטן", כאַפּט זיך אויף אַן עמיגראַנט, אַ שניידער, מיט שוואַרצע אויגן און מיט אַ בלאַס פּנים, און רופֿט זיך אָן:

— שיפּסקאַרטן? לאָזט מיך, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה פֿון שיפּסקאַרטן.

און דער שניידער מיט די שוואַרצע אויגן און מיטן בלאַסן פּנים וויל אָנהייבן דערציילן אַ מעשה פֿון שיפּסקאַרטן, שטייט אויף נאָך אַן עמיגראַנט, וואָס מע רופֿט אים טאָפּאָלינסקי, ער זאָגט, אַז ער האָט אַ שענערע מעשה מיט שיפּסקאַרטן, ווי אַזוי אין שטעטל ביי זיי איז דאָ אַ קאָמפּאַניע, וואָס פֿאַרקויפֿט כלומרשט שיפּסקאַרטן פֿון ליבאַווע קיין אַמעריקע, האָבן זיי דערטאַפּט אַ יונגנמאַן און האָבן ביי אים

אויסגענאַרט עטלעכע און זעכציק קאַרבן און האָבן אים אַריינגערוקט עפּעס אַ סוכה־שער מיט אַ רויטן אַדלער. דער יונגערמאַן קומט קיין ליבאַווע, וויל זיך זעצן אויפן שיף, נעמט אַרויס און באַווייזט דעם סוכה־שער, מיטן רויטן אַדלער. ווער? וואָס? אַ נעכטיקער טאָג! ס'איז ניט קיין שיפסקאַרטע, ס'איז גאָר אַ שיר־המעלות!

## ג.

די מעשה מיט די שיפסקאַרטן הייבן מיר אָן זוערן נמאס. איך האָב ליב עמיגראַנטן. איך האָב מיך בעסער באַקענט, אין וואַגאָן זיצנדיק, מיט אַ יינגל פון די עמיגראַנטן אין מיינע יאָרן. מע רופט אים קאָפּל, און ער האָט אַ צעשפּאָלטענע ליפּ. די ליפּ איז אים געקומען פון אַ פאַל. ער איז געקראָכן אויף אַ לייטער און איז געפאַלן אויף אַ שייט האָלץ. ער שווערט, אַז ס'האָט אים גאָרניט וויי געטאָן, נאָר בלוט איז געגאַנגען אַ סך. ניט גענוג, זאָגט ער, וואָס ער האָט זיך צעשפּאָלטן די ליפּ, האָט ער נאָך געכאַפּט קלעפּ פונעם טאַטן. אָט דער הויכער, וואָס מיטן בייזן קוק און מיט וואַטע אין די אויערן, דאָס איז טאַקע זיין טאַטע. און די ייִדענע, וואָס מע רופט זי שרה, דאָס איז זיין מאַמע. זיי זיינען געוועזן, זאָגט ער, אַמאָל גרויסע נגידים. דאָס הייסט, ניט אַמאָל, טאַקע אָט דאָ ניט לאַנג, פאַרן פּאָגראָם. איך פרעג אים, ווי אַזוי איז דאָס אַ פּאָגראָם? איך הער אַלץ פון די עמיגראַנטן. מע זאָגט: „פּאָגראָם", „פּאָגראָם", נאָר וואָס דאָס איז, ווייס איך ניט. רופט זיך אָן צו מיר קאָפּל:

— אַ פּאָגראָם ווייסטו ניט? עה! ביסטו דאָך גאָר אַ ניונקעלע! אַ פּאָגראָם איז אַ זאַך, וואָס איז היינט אומעטום. הייבן הייבט עס זיך אָן כמעט פון גאָרניט, און אַז עס הייבט זיך אָן, ציט זיך עס אַוועק דריי טעג...

— וואָס־זשע, זאָג איך, איז דאָס? אַ יאַריד?

— וואָסער יאַריד? אַ שיינער יאַריד! מע שלאָגט פענצטער! מע ברעכט מעבל! מע רייסט קישנס! פעדערן פליִען, אַזוי ווי שניי!

— אַקעגן וואָס?

— נאָ דיר גאָר אַקעגן וואָס! אַקעגן'־שמערלען! אַ פּאָגראָם איז ניט נאָר אויף הייזער אַליין. אַ פּאָגראָם איז אויף קלייטן. און מע וואַרפט אַרויס פון דאָרטן די סחורות אויף דער גאַס, און מע צעטראָגט, און מע צעראַבעוועט, און מע צעשיט, און מע באַגיסט מיט נאַז, און מע ציגדט אונטער, און מע ברענט.

— גיי שוין, גיי!

— וואָס דען מיינסטו? איך וועל דיר אויסטראַכטן? נאָכדעם, אַז ס'איז נישטאָ שוין וואָס צו ראַבעווען, גייט מען איבער די הייזער מיט העק, מיט אייזנס און מיט שטעקנס, און פּאָליציי גייט נאָך פון הינטן. מע זינגט און מע פייפט און מע שרייט: „עי, רעביאַטאַ, בעי זשידאָוו!" און מע שלאָגט, מע הרגעט, מע־קוילעט, מע שטעכט מיט שפּיזן...

— וועמען?

— וואָס הייסט ווען? ייִדן!

— פאַר וואָס?

— נאַ דיר גאָר פאַר וואָס? ס'איז דאָך אַ פּאָגראָם!

— און אַז אַ פּאָגראָם, איז ויאָס?

— גיי אַוועק, דו ביסט אַ קעלבל! איך וויל מיט דיר ניט רעדן!

אַזוי זאָגט צו מיר קאַפּל, שטופּט מיך אָפּ פון זיך און לייגט אַריין די הענט אין די קעשענעס, ווי אַ גרויסער. מיר שטייט ניט אָן די מעשה. סע פאַרדריסט מיך אויף קאַפּלען, וואָס ער האַלט זיך אַזוי גרויס אַקעגן מיר. נאָר איך מאַך אַ שוויג.



י. ד. בערקאָוויטש, שלום עליכם און ראובן ברייַנין (1915)

„וואַרט אויס, גדלניוק! וועסט אַמאָל אָנקומען צו מיר!"... אַזוי טראַכט איך מיר, און לאָז דורך עטלעכע מינוט. איך גיי צו ווידער אַמאָל צו קאַפּלען און מאַך מיט אים אַ שמועס. שוין נישט פון פּאָגראָמען — פון אַנדערע זאַכן. איך פרעג אים, צי ער קאָן רעדן אויף דייטש. צעלאַכט ער זיך: „ווער קאָן דאָס ניט קיין דייטש? דייטש איז דאָך ייִדיש!"...

— אַזוי? אַז דו קאָנסט יאָ דייטש, זאָג זשע מיר, ווי אַזוי זאָגט מען חריין אויף דייטש?

צעלאַכט זיך קאַפּל נאָך שטאַרקער, קוים וואָס ער קאָן אויסרעדן אַ וואָרט.

— וואָס הייסט, ווי אַזוי איז חריין? חריין איז חריין!

— אויב אַזוי, זאָג איך, ווייסטו טאַקע ניט!

— ווי אַזוי זשע דען איז חריין?

אויף צו להכעיס, האָב איך אַליין אויך פאַרגעסן, ווי אַזוי מע זאָגט אויף דייטש חריין, איך האָב געוווּסט, נאָר איך האָב פאַרגעסן. גיי איך צו צו מיין ברודער אליהו און פרעג אים: ווי אַזוי איז אויף דייטש חריין? זאָגט ער: ער וועט מיר געבן אַ חריין, וועט מיר פאַרגיין אין די ציין... מיין ברודער אליהו, איז, אַפּנים, אין כעס. אַלעמאָל, ווען ער גייט צו דער קעשענע נעמען געלט, איז ער אין כעס. אונדזער חבר פּיני לאַכט פון אים. זיי ווערטלען זיך. איך זוך מיר אויס אַן אָרט אויף דער ערד צווישן די פּעקלעך און לייג מיך שלאָפן.

ד.

מיר האָבן אין קראָקע נישט געמאַכט גאָרנישט ניט. אין קאָמיטעט זיינען מיר ניט געווען. די עמיגראַנטן האָבן אונדז געזאָגט, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפן. אַז איר קומט, זאָגן זיי, אין קאָמיטעט, הייבט זיך אָן אַ דולעניש. קודם פאַרשרייבט מען אייך די יאָרן. נאָכדעם שיקט מען אייך אָפּ צו אַ דאָקטער, ער זאָל אייך באַטראַכטן. נאָכדעם הייסט מען אייך וואַרטן. נאָכדעם הייסט מען אייך קומען. קומט איר צו גיין, פרעגט מען אייך וואָס זייט איר געקומען? זאָגט איר, אַז מע האָט אייך געהייסן קומען, זייט איר געקומען. הייבט מען אייך אָן זאָגן מוסר, למאַי איר פאָרט קיין אַמעריקע. פרעגט איר: ווהין דען זאָלן מיר פאָרן? זאָגט מען אייך: ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז איר דאַרפט פאָרן? דערציילט איר זיי אַ מעשה מיט אַ פּאָגראָם. זאָגן זיי: איר זייט אַליין שולדיק. אַ סימן, אָט האָט נעכטן אַ יינגל פון אייערע עמיגראַנטן אַוועקגעגנבעט אַ בולקע אין מיטן מאַרק. זאָגט איר: אפשר איז ער געווען הונגעריק? זאָגן זיי: אָט האָט זיך נעכטן צעשלאָגן פון אייערע עמיגראַנטן אין מיטן גאַס אַ מאַן מיט אַ ווייב, מע האָט געמוזט אָראָפּברענגען זשאַנדאַרמען, זאָגט איר: דאָס ווייבל איז געווען גערעכט; זי האָט דערקענט איר מאַן, וואָס האָט זי אַוועקגעוואָרפן אין דער היים, געוואָלט אַנטלויפן קיין אַמעריקע. האָט זי אים דערזען דאָ אומגעריכט און האָט אים געפּאַקט. האָט ער זיך געוואָלט אויסרייסן און אַנטלויפן. האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד... זאָגן זיי: למאַי גייען אייערע עמיגראַנטן צום מיינסטנס, אָפּגעריסן? זאָגט איר: זיי זיינען אָרעם; לאָז מען זיי געבן קליידער, וועלן זיי ניט גיין אָפּגעריסן. בקיצור, מוסר זאָגן זיי און קיין געלט גיבן זיי ניט.

אַזוי קלאָגן זיך פאַר אונדז די עמיגראַנטן. זיי זאָגן, אַז מיר זיינען גליקלעכע מענטשן, וואָס מיר האָבן ביז אַהער ניט באַדאַרפט אָנקומען צו דער לאַסקע פונעם קאָמיטעט. די מאַמע זאָגט: זי וואָלט איצטער אויך ניט אָנגעקומען צו זיי, ווען ניט דאָס בעטגעוואַנט. ווען מע נאַרט ניט אויס ביי אונדז די זאַכן אויף דער גרענעץ, וואָלט זי איצטער געווען אַ „קייסערינע”. איך דערמאָן מיך אָן דער מאַמעס זיידענע געלע פּאַטשיילע, וואָס זי פלעגט טאַקע אויסזען אין איר ווי אַ „קייסערינע”, די

מאַמע זאָגט אָבער, אַז קיין זאַך טוט איר ניט אַזוי באַנג, ווי דאָס בעטגעוואַנט. וואָס וועלן מיר טון אין אַמעריקע אָן בעטגעוואַנט?

אַזוי זאָגט די מאַמע, ברעכט די הענט, און צעוויינט זיך. דערהערט מיין ברודער אליהו, צעשרייט ער זיך אויף איר:

— שוין? דו וויינסט שוין ווידער? האָסט פאַרגעסן, אַפּנים, אַז מיר זיינען שוין נאָענט צו אַמעריקע, און מע דאַרף היטן די אויגן?

מיינט איר אַוודאי, אַז מיר זיינען טאַקע נאָענט צו אַמעריקע? עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! מיר דאַרפן נאָך פאָרן און פאָרן! וווהין פאָרן — ווייס איך נאָך ניט אַקוראַט. איך הער פון די עמיגראַנטן נעמען פון שטעט: האַמבורג, ווין, פּאַריז, לאָנדאָן, ליווערפּול... אויף האַמבורג זאָגן אַלע, אַז עס מעג זיך אָנצינדן היינטיקן טאָג. האַמבורג, זאָגן זיי, איז סדום. דאָרטן טרייבט מען די עמיגראַנטן אין אַ באָד אַריין, ערגער ווי אַרעסטאַנטן. אַזעלכע רשעים, ווי אין האַמבורג, איז נישט אין ערגעץ.

אַזוי זאָגן די עמיגראַנטן, און מיר קלייבן זיך דערווייל קיין ווין. דאָרטן, זאָגט מען, איז פאַראַן אַ קאָמיטעט, טאַקע וואָס אַ קאָמיטעט הייסט!

יאָ קאָמיטעט, ניט קאָמיטעט — איך ווייס דערווייל, אַז מיר פאָרן קיין ווין. איר האָט אַמאָל געהערט פון דער שטאָט ווין? וואַרט צו אַ ביסל, אָט וועלן מיר קומען קיין ווין, וועל איך אייך דערציילן אַלצדינג, וואָס אין ווין טוט זיך.

* * *

## כתרילעווקע אין ניו-יאָרק

### א.

איידער איך גיי אייך דערציילן, ווי אַזוי מיר מאַכן אַ לעבן אין דעם נייעם לאַנד, מוז איך אייך פריִער אויסרעכענען ביי די נעמען, ווער איז דאָ אין אַמעריקע פון אונדזערע פריינט און באַקאַנטע, ווייל נאָר זיי צו דאַנקען האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אַרויפגעאַרבעט און אָנגעהויבן צו מאַכן אַ לעבן. לאָזט זיך אויס, אַז מיר האָבן דאָ פריינט און באַקאַנטע — קיין עין הרע, קיין בייז אויג! גאַנץ כתרילעווקע האָט זיך אַריבערגעפּעקלט אַהער, קיין אַמעריקע. נאָך אונדזער אַוועקפאָרן פון דער היים, איז געוואָרן, זאָגן זיי, אַ בהלה, אַ מהומה, אַ לויפעניש. עס האָט אויסגעבראָכן, זאָגן זיי אַ מוראדיקער פּאָגראָם, אַ שחיטה, און אַ שרפה — די גאַנצע שטאָט איז אַוועק מיטן פייער! ווער האָט אונדז געבראַכט די נייעס — די מאַמע. ווו ערגעץ אַ צרה, ווערט פריִער פון אַלע געוווּיער די מאַמע. פון וואַנען? פון בית-המדרש. פון דער כתרילעווקער שול. ס'איז פאַראַן אַזאַ שול אין ניו-יאָרק.

## ב.

די ערשטע וואָך, אַז מיר זיינען געקומען אין שטאָט אַריין, האָט די מאַמע קודם־כל זיך צעפּרעגט אויף אַ שול, וווהין צו גיין שבת דאַווענען. זיינען אין ניו־יאָרק, ברוך השם, פאַראַן שולן כמעט אויף יעדער טריט. האָט אונדז אונדזער שכנה פּעסי אָפּגעפירט דעם ערשטן שבת אין שול אַריין. די שול איז טאַקע אונדזער שול. דאָס הייסט, די ייִדן, וואָס דאַווענען דאָרטן, זיינען אַלע פון אונדזער שטעטל. זי הייסט מיטן נאָמען „כל ישראל אַנשי כתרילעווקע״. אָדער „די כתרילעווקער שול״. האָבן מיר זיך דאָרט דערזען מיט אַ סך באַקאַנטע פון אונדזער שטאָט. טרעפט, וועמען האָבן מיר געזען? אַז איר וועט זיין מיט אַכצן קעפּ, וועט איר אויך ניט טרעפן. ערשטנס — דעם חזן. אונדזער הערש־בער דער חזן מיט דער גרויסער באָרד. אָט דער, וואָס איך בין אַמאָל געווען ביי אים אַ זינגערל, אויב איר געדענקט, און האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין דאַבצין. אַ קיגד אַ קאַליקע. דאָס קינד איז געשטאָרבן נאָך דאָרטן, אין דער היים, בשעת פּאָגראָם. און הערש־בער דער חזן מיט דער חזנטע און מיט די עלטערע קינדער זיינען אַלע דאָ אין אַמעריקע און מאַכן אַ לעבן. הערש־בער איז דאָ אַ חזן און אַ מוהל און אַ מלמד אויך.

דאָ הייסט דאָס ניט מלמד, דאָ הייסט דאָס „טיטשער״. פאַר וואָס טיטשער? ווייל ער טיטשט די קינדער. דאָס הייסט ער קנייפּט זיי שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען. מחמת שלאָגן אַ קינד טאָר מען דאָ ניט, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט. הערש־בער, האָט, זאָגט מען, דאָ גאַנץ פיין פּרנסה. נאָר ער האָט זיך שטאַרק איבערגעאַנדערשט. דאָס הייסט, איזן איז ער דער אייגענער, וואָס געווען, נאָר ער גייט אַנדערש אָנגעטאָן. אין דער היים ווען ער טוט אָן אַן אַזאַ קאַפּעליש ווי דאָ, וואָלט מען אים נאָכגעלאָפן. די קאַפּאָטע איז ביי אים אויך פאַרקירצט. און די פאות אונטערגעהאַקט. נאָר די באָרד טשעפּעט ער ניט. טשעפּען אים אָבער אַנדערע די באָרד. דאָ, אין אַמעריקע, האָט מען פיינט אַ באָרד. ערגער ווי אַן ערלעכער ייִד האָט פיינט חזיר. אַנימלט האָבן אים דערטאַפּט אין מיטן סטריט שקצימלעך — „לויפערס״ הייסן זיי דאָ — און האָבן אים נאָר געוואָלט אָפּשערן די באָרד. אַ גליק, וואָס ייִדן זיינען אָנגעקומען און האָבן אים אַרויסגעראַטעוועט פון די „לויפערס״ הענט. פון דעמאָלט אָן, אַז ער גייט אין סטריט, באַהאַלט ער די באָרד אינעם אויבעררעק.

## ג.

בערע דער שוסטער איז אויך דאָ. דאָס איז דער בערע, וואָס מיין ברודער אליהו האָט זיך געהאַט אונטערגענומען אַמאָל אַרויסצוטרייבן ביי אים די מייז. אויב איר געדענקט, האָט בערע דער שוסטער ליב צו דערציילן גוזמאות. אויסצוטראַכטן־זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. דאָס הייסט, ער איז אַ ייִד אַ ליגנער, דאָ ווערט ער אָנגערופן אַ „בלאָפער״. ער איז דאָ אויך דער זעלבער שוסטער, וואָס אין דער היים. ער דערציילט פון זיין שוסטעריי אַזעלכע גליקן, אַז ווען ס׳זאָל זיין כאָטש אַ דריטל אמת, וואָלט אויך געווען גוט. ער זאָגט, אַז ער איז דאָ דער גרעס־

טער שוסטער אין אַמעריקע, מיט זיינע שטיוול, זאָגט ער, טראָגט מען זיך אַרום איבערן גאַנצן לאַנד. ער שווערט מיט אַזעלכע שבועות, וואָס מע מעג גלויבן אַ משומד, אַז דער פּרעזידענט אַליין האָט זיך באַשטעלט ביי אים אַ פּאָר שטיוול. זאָגט מיין ברודער אליהו, אַז די מעשה מיטן פּרעזידענטס שטיוול איז פּונקט אַזוי אמת, ווי די מעשה, וואָס בערע דער שוסטער האָט אונדז אַמאָל געהאַט דערציילט, ווי אַזוי די מייז האָבן ביי אים אויפגעגעסן אַ קאַץ... דאָ, אַז עמעצער דערציילט אַזעלכע מעשיות, זאָגט מען אויף אים, אַז ער „האַקט אַ טשייניק", אָדער אַז ער „בלאָפט". מיר געפעלט בעסער די ווערטער „ער האַקט אַ טשייניק". עס איז מיר אַזוי שטאַרק געפעלן, אַז איך האָב עס אַרויפגעכאַפּט אויף פּאַפּיר. דאָס הייסט, איך האָב אויסגעמאָלט בערע דעם שוסטער, ווי ער האַלט אַ האַמער, אויפן טיש שטייט אַ גרויסער טשייניק, און ער האַקט אים... אַלע די, וואָס האָבן געזען דאָס בילד, האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. אַנ[illegible] מיין ברודער אליהו האָט אויך גע־שענקט אַ האַלבן שמייכל. ער שלאָגט מין [illegible] מער ניט דערפאַר, וואָס איך מאָל מענטשעלעך. ער בורטשעט נאָר און זאָגט: „אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן, איז דאָס אויך אַן עסק"...

—

ד.

וואָס דאַרפט איר מער? רב יאָסי דער נגיד, וואָס אַלע האָבן זיך געווונטשן ביי אונדז, חוץ זיין שאָדן, כאָטש אַ דריט חלק, — איז ער אויך דאָ, אין אַמעריקע. ער איז שוין אָבער אויס נגיד. וואָס איז די מעשה? אים האָט אָװעקגעהרגעט דער פּאָגראָם. דאָס הייסט, פונעם פּאָגראָם גופא האָט ער אַליין ניט אַזוי שטאַרק גע־ליטן. דאָס הייסט, געראַבירט האָט מען אים. דאָס מעבל צעבראָכן. דאָס בעטגעוואַנט צעריסן. די סחורה פון קלייט צוגענומען. נאָר געשלאָגן האָט מען זיי ניט. מחמת זיי זיינען געלעגן אַלע אין אַ קעלער דריי טעג און דריי נעכט. שיִער ניט אויסגעג־גאַנגען פון הונגער. דאָס אַלצדינג וואָלט געווען אַ האַלבע צרה. דאָס אומגליק איז געווען דאָס, וואָס אַלע זיינע בעלי־חובות האָבן אים אָנגעזעצט. האָט ער אויך געמוזט אָנזעצן. ווער וואָלט זיך געריכט, אַ שטיגער, אַז אַזאַ איש בטוח, ווי רב יאָסי, זאָל דאַרפן אָנזעצן און אַנטלויפן פון כתריליעווקע? אין מיטן ביינאַכט איז ער אַנטלאָפן. וווהין — קיין אַמעריקע. זיין זונדל העניך מיטן אויגל, געדענקט איר, ווי אַזוי ער האָט געלאַכט פון מיר, וואָס איך פאָר קיין אַמעריקע? איצט שלעפּט ער זיך אַרום דאָ איבער די סטריטן. אַז ער דערזעט מיך, אַנטלויפט ער. עס שטייט אים נאָך היינט אויך ניט אָן צו רעדן מיט מיר. המנס גדלות! מיין חבר מענדל זאָגט, אַז ער מוז אים מאַכן בלוי דאָס אַנדערע אויגל. מענדל האָט פיינט, אַז מע נעמט זיך איבער, אָדער אַז מע בלאָזט פון זיך.

ה.

שענער פון אַלץ איז, וואָס מנשה דער רופא און מנשהכע די רופאטע זיינען אויך דאָ. איר געדענקט דאָך מן הסתם זייער גאָרטן מיט זייערע פערעשקעס, מיט

זייערע ווינשל, מיט זייערע עפל און מיט זייערע באַרן? איז דאָס אַלצדינג אַוועק מיטן רויך און מיטן פייער. מע האָט זיי פאַרברענט זייער שטוב מיט זייער גאָרטן. געמאַכט פון אַלצדינג אַש. איר זאָלט זיי אָנקוקן, וואָלט איר זיי ניט דערקענט. בײדע זיינען זיי געוואָרן גרוי און אַלט. ער שטופּט אַ פושקאַרט מיט עפל און מיט אָראַנדזשעס, און זי פּעדל'ט מיט וויסאָצקיס טיי. „אַז אַך און ... — זאָגט די מאַמע מיינע מיט טרערן אין די אויגן — אויף וואָס זיי זיינען אַ ...געקומען"...

— אַ שיינע ריינע כפרה! — זאָגט מיין ברודער אליהו, און איך האַלט מיט אים. אַ מצווה אויף מנשהכע די רופאטע. זי איז געווען אַ רשעטע. געזשאַלעוועט אַן אָרעמאַן אַ פאַרפוילטן עפּל, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פונעם בוים. זי מיינט, אַז איך האָב שוין פאַרגעסן די מעשה, ווי אַזוי מע האָט מיך אַמאָל געפּאַקט ביי איר אין גאָרטן... איך וועל עס געדענקען ווייל איך וועל לעבן...

ו.

אין דער צייט, וואָס מיר האָבן ייך אַרומגעשלעפּט איבער אויסלאַנד, האָט מען דאָרט אין דער היים גע... ...זערע כתרילעווקער יידן, געראַבירט די קלייטן און געברענט די ה...זער... סברה, אַז אונדזער האַלבע שטוב, וואָס מיר האָבן פאַרקויפט צו זילי דעם שניידער, איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן, און זילי דער שניידער איז איצטער הי, ער איז אַ שניידער ווי געווען. דער חילוק איז, וואָס דאָרט, אין דער היים, איז ער געווען אַ בעל־הבית פאַר זיך, און דאָ, אין אַמעריקע, אַרבעט ער ביי יענעם. אַמאָל איז ער אַ „אונטערפּרעסער" ביי הויזן, און אַמאָל איז ער אַן „אָפּרייטער" ביי דער מאַשין. ער פאַרדינט, זאָגט ער, זיינע זיבן־אַכט טאָלער אַ וואָך. עס וואָלט אים געווען, זאָגט ער, ווינציגליך אויף צו מאַכן אַ לעבן, ברענגען אים אַריין זיינע קינדער — דריי קינדער האָט ער, און אַלע מיידלעך — דריי מאָל אַזוי פיל. זיי אַרבעטן ביי „שוירטס". העמדער הייסן דאָ „שוירטס". פרעג איך ביי מיין ברודער אליהו פאַר וואָס הייסן העמדער „שוירטס"? זאָגט מיין ברודער אליהו אַז ער ווייס ניט, פון וואָסער אַ שורש עס נעמט זיך דאָס וואָרט „שוירטס". זאָגט צו אים אונדזער חבר פּיני, למאי ער ווייסט ניט דעם שורש פון נאָך אַ סך אַנדערע ווערטער? זאָגט אליהו, אַז פון אַנדערע ווערטער ווייסט ער יאָ דעם שורש. פרעגט אים פּיני: „פון וואַנען זשע נעמט זיך דאָס וואָרט „בוטשער", און פאַר וואָס איז „בוטשער" אַ קצב? זאָגט אים אליהו: „דערפאַר, וואָס אַ קצב צעבוטשערט דאָס פליש אויף שטיקלעך"... פרעגט אים פּיני: פון וואַנען זשע נעמט זיך עס, וואָס אַ שניידער הייסט דאָ „אָפּרייטער"? זאָגט אליהו: „דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס... וואָס... וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? וואָס בין איך דיר מחויב צו פאַרטייטשן אַלע ווערטער, וואָס מע זאָגט דאָ אין אַמעריקע?"

— ששאַ! שריי ניט! מען ווערט פון דיר ניט גליקלעך! — זאָגט פּיני און דרייט זיך אויס צו מיר מיטן פּנים. — קום נאָר אַהער קטנתי, אַז דו ווילסט וויסן עפּעס אַ זאַך, זאָלסטו קיינמאָל ניט פרעגן ביי דיין ברודער אליהו, וואָרום ער ווייסט ניט...

— איר ווייסט בײדע מער פון אַ טויטן! — מישט זיך אַריין מיין שוועגערן ברכה און שטעלט זיך איין פאַר איר מאַן.

## ז.

דערוויַיל האָב איך מיר פאַררעדט פון זייטיקע זאַכן און האָב פאַרגעסן, אַז איך האָב גענומען אויסרעכענען, ווער פון אונדזערע באַקאַנטע וווינען דאָ, אין אַמעריקע. אַ חוץ אונדזער חבר פּיניס משפּחה, איז גאַנץ כתרילעווקע אַצינד אין אַמעריקע. און ס'איז אַ סברה, אַז פּיניס משפּחה קלויבט זיך אויף אַהערצוצו. פּיניס פאָטער, הערש־לייב מעכאַניק, און זיין פעטער שניאור דער זייגערמאַכער שרייבן צו פּינין, אַז זיי וואָלטן שוין לאַנג אַרויסגעפאָרן, האָבן זיי ניט מיט וואָס. בעטן זיי, מע זאָל זיי אַרויסשיקן שיפסקאַרטן. קלויבן מיר איצטער אַ פּעני צו אַ פּעני. אַז מיר וועלן צונויפקלויבן די ערשטע עטלעכע טאָלער אויף איינצוצאָלן אַן אויפגאָב, וועלן מיר זיי אַרויסשיקן שיפסקאַרטן אויף אויסצוצאָלן. און זיי וועלן מיט גאָטס הילף געוויס אויסצאָלן. וואָרום זיי קומען אַהער ניט מיט ליידיקע הענט. הערש־לייב דער מעכאַניק שרייבט, אַז ער האָט צוגעטראַכט אַ נייעם אויוון, וואָס מען דאַרף צו אים האָבן זייער ווינציק האָלץ. כמעט גאָלע גאָר ניט. ווי אַזוי? דאָס איז זיין סוד... און שניאור דער זייגערמאַכער האָט אויסגעקלערט אַ זייגער, וואָס גאַנץ אַמעריקע וועט לויפן קוקן אויף חידושים. וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ מין זייגער? וועט איר הערן, וואָס מע שרייבט צו פּינין פון דער היים.

## ח.

דער זייגער אַליין איז אַ געוויינלעכער וואַנט־זייגער מיט אַ געוויינלעכן ציפערבלאַט. נאָר וואָס דען? אַז איר קוקט זיך גוט צו צום ציפערבלאַט, דערזעט איר אויסגעמאָלט די זון מיט דער לבנה מיט אַלע צוועלף שטערן. בייטאָג זעט מען מער אַרויס די זון, און ביינאַכט — די לבנה מיט די שטערן. זייט איר פאַרטיק? האָט צייט! אַלע מאָל, ווען דער זייגער שלאָגט־אויס צוועלף, עפנט זיך אויף פאַר אייערע אויגן אַ קליין טירעלע און עס קומט אַרויס פריִער אַן אָפּיצער מיט אַ שפּאַגע. דערנאָך צוועלף סאָלדאַטן־מוזיקאַנטן. דער אָפּיצער טוט אַ מאַך מיט דער שפּאַגע, און די צוועלף סאָלדאַטן שפּילן אָפּ אַ מאַרש און גייען אַוועק. מאַכט זיך צו דאָס טירעלע — און שוין! ווי מיינט איר, קאָן מען מיט אַזאַ זייגער פאַרדינען געלט אין אַמעריקע? אויף דעם זייגער האָט פּיניס פעטער פאַרבראַכט היפּשע עטלעכע יאָר. ער איז שוין ביי אים געווען כמעט אינגאַנצן פאַרטיק. האָט מען אים בעת פּאָגראָם צעריבן אויף שטיקלעך. נאָר עס מאַכט ניט אויס, אַבי דער שכל פונעם זייגער איז געבליבן ביי אים. לאָז ער נאָר קומען קיין אַמעריקע, וועט שוין זיין, ווי מען זאָגט, אָלל־רייט.

און ווי אַזוי מיר מאַכן אַ לעבן — האָב איך אייך נאָך אַלץ ניט געזאָגט. נאָר דאָס לאָז שוין זיין אויף מאָרגן.

# שווער צו זיין אַ ייִד

(דער רב, ר׳ לוי היילפּערין גיט איבער דעם שמש אַ צעטל, דער שמש גייט אָפּ. רב לוי היילפּערין שטייט אויף, גלייכט זיך אויס, זיפצנדיק, עס עפנט זיך אויף אַ האַלבע טיר און עס באַווייזט זיך ווידער דער שמש)

**דער שמש:** אַ קריסט איז געקומען — וויל אייך זען.

**רב לוי היילפּערין:** זאָל ער אַריינקומען. (עס קומט אַריין איוואַנאָוו, דער וואָס גילט אַלס שניאורסאָן. דער שמש מאַכט צו נאָך אים די טיר, ווערט פאַרשווונדן).

**איוואַנאָוו:** (טוט אויס דאָס היטל, בלייבט שטיין אין פאַרלעגנהייט, באַטראַכט אַ ווײַלע דעם רב. קענטיק, אַז ער שלאָגט זיך מיט דער דעה. ענדלעך גייט ער צו, שטעלט זיך פאָר). איוואַנאָוו.

**רב לוי היילפּערין:** (שטייט אויף, ציט אים אויס די האַנט, נעמט אים פריינטלעך אויף. רעדט אַ שיינעם רוסיש) זייער אַנגענעם! זיצט. (ווייזט אים אויף אַ שטול. זעצט זיך אַליין אויך אויף אַ שטול אַקעגן אים). מיט וואָס קאָן איך דינען... איר רויכערט (שטעלט אים אונטער אַ פּושקע פּאַפּיראָסן).

**איוואַנאָוו:** (באַדאַנקט) איך בין צו אייך געקומען, רבי, זיך באַראַטן, ווי מיט אַ פאַרשטייער פונעם ייִדישן פאָלק, פונעם ייִדישן גלויבן... צום אָנהייב האָב איך מיך געוואַקלט, כמעט ווי געשראָקן... כאָטש געהערט האָב איך פון אייך אַ סך גוטעס... דאָך — דעם ערשטן מאָל אויף מיין לעבן ביי אַ ייִדישן רבי... נאָר אַז איך האָב אייך דערזען, — דערלויבט מיר צו זאָגן עס אייך אין די אויגן, — האָט איר מיט אייער אויסזען, מיטן ערשטן קוק, מיך אינגאַנצן אָנגעקויפט, און איך זע אַרויס, אַז מיט אייך קאָן מען רעדן גאַנץ אָפנטלעך.

**רב לוי היילפּערין:** (מיט אַ שמייכל) איך דאַנק אייך זייער פאַר אַזאַ אַנגענעמע מיינונג וועגן מיר... איר קאָנט דאָ זאָגן אַלץ, וואָס איר האָט צו זאָגן.

**איוואַנאָוו:** איך וועל זיין קורץ, ווי ווייט מעגלעך. איך בין אַ קריסט, און דורך אַ צופאַל געפין איך זיך צווישן ייִדן. האָב איך זיך באַקענט מיט אַ ייִדיש מיידל און האָב זיך פאַרליבט אין איר... און איך מיין, דאָס הייסט, איך ווייס, אַז זי האָט מיך אויך ליב, און אַז ס׳איז קיין אַנדער אויסוועג נישט פאַראַן, אויסער

איין זאַך: וואָס זי איז אַ ייִדין, און איך בין אַ קריסט... זי זאָל אָננעמען קריסטנ־טום — דאָס קאָן ניט זיין פאַר קיין פאַל אין דער וועלט. אין דעם בין איך אי־בערצייגט, וואָרום זי איז צו אַ הייסע פאַטריאָטין פאַר איר פאָלק, און איך אָנערקען, אַז פון מיין זייט וואָלט דאָס געווען אַ פאַרברעכן, איך זאָל זי צווינגען דערצו. אירע עלטערן וואָלטן דאָס נישט איבערגעטראָגן. נו, איז געבליבן ביי מיר, אַזוי ווי איך האָב זי זייער שטאַרק ליב, און קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ, — האָב איך מיך פעסט אַנטשלאָסן, — כאָטש מיינע עלטערן וועלן זיין קעגן דעם, שטאַרק קעגן דעם, —איך זאָל איבערגיין... דאָס הייסט, איך זאָל אָננעמען ייִדישקייט... וואָס וועט איר זאָגן דערויף? (אָפּגעזאָגט, פילט זיך איוואַנאָוו, ווי ס'איז אים אַראָפּ אַ באַרג פון די פּלייצעס).

**רב לוי היילפּערין:** (געזעסן די גאַנצע צייט אָנגעשפּאַרט אויף דער לינ־קער האַנט און מיט דער רעכטער געבלעטערט אַן אָפענעם ספר, האָט אָפּגעאָטעמט, פאַרמאַכט דעם ספר, אַוועקגעשטעלט די אויגן אויפן גאַסט מיט אַ ביטערן שמייכל) איך פרעג אייך ניט ווער איר זענט און וואָס איר זענט. איך פרעג ניט, ווער איז דאָס מיידל, וואָס איר האָט אַזוי ליב. אַזעלכע זאַכן האַלט מען, געוויינלעך, בסוד... איך קאָן אייך אָבער, יונגערמאַן, ליידער, מיט קיין זאַך נישט העלפן און קיין שום עצה נישט געבן. איך קאָן אייך נאָר זאָגן איין זאַך: איך באַדויער אייך מיטן גאַנצן האַרצן, איך האָב אויף אייך רחמנות

**איוואַנאָוו:** (איבערראַשט) רחמנות?... (ווישט זיך דעם שווייס).

**רב לוי היילפּערין:** נעבעך אַ רחמנות אויף אייך. אַ גאָטס רחמנות!

**איוואַנאָוו:** איך פאַרשטיי אייך נישט...

**רב לוי היילפּערין:** אָט וועל איך עס אייך דערקלערן. באַרעכנט אייך נאָר גוט: זיבן מיליאָן אומגליקלעכע, רעכטלאָזיקע, פאַרהאַסטע, געיאָגטע און געפּלאָגטע שטיפקינדער פלאָנטען זיך אַרום אינעם דאָזיקן גרויסן לאַנד, זענען אומעטום איבעריק און איטלעכן גרויס אין די אויגן. מע זעצט און מע ברעכט זיך די מוחות, מע קליגט זיך און מע טראַכט און מע קאָן גאָרנישט צוטראַכטן, ווי אַרום זייערער פּטור צו ווערן, — ווילט איר, אַ גליקלעכער מענטש, אַ פרייער, אַריבערגיין צו אָט די דאָזיקע זיבן מיליאָן אומגליקלעכע? איר ווילט זיין, אַפּנים, דער ערשטער פונעם אַכטן מיליאָן?... (פויזע) איך זע, איר וווּנדערט זיך, וואָס איר הערט פון מיר, אַ רב, אַזעלכע רייד? פאַר אייך, פאַר אַ קריסט, איז עס טאַקע אַ ווונדער. אַנדערע גייסטלעכע פאַרשטייער טוען נישט אַזוי, בעת עס קומט אַ פרעמדער צו זיי אָננעמען זייער גלויבן. אדרבה, ביי זיי ווערט עס גאָר פאַררעכנט פאַר אַ מצווה צוציִען אין זייער לאַגער וואָס מער פרעמדע... מיר, ייִדן, אָבער קאָנען זיך אַזאַ לוקסוס נישט דערלויבן. אונדזער וועלט איז ענג און פינצטער, דאָס לעבן פול פּיין און נויט, — ווי אַזוי זשע האָבן מיר דאָס רעכט צורעדן די פרעמדע, די פרייע און גליקלעכע מענטשן, זיי זאָלן אַריבערגיין צו אונדז?... נאָך פון אַמאָל אָן, פון גאָר די אַלטע צייטן, האָט אונדזער תורה אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך היטן פון אָנצונעמען גרים. יעדער גר, יעדער פרעמדער, הייסט

עס, וואָס קומט צו גיין צו אונדז פון אַן אַנדער וועלט און וויל זיך אַנשליסן אַן אונדזער פאָלק, — דאַרפן מיר אים פריִער וואָרענען, עפענען די אויגן, ער זאָל זיך גוט אַרומקוקן, וווהין ער גייט, ער זאָל זיך גוט באַטראַכטן, וואָס ער טוט, ער זאָל וויסן און געדענקען אַז ס׳איז שווער צו זיין אַ ייִד!...

**איוואַנאָוו:** אַנטשולדיקט. די דאָזיקע ווערטער: „ס׳איז שווער צו זיין אַ ייִד" האָב איך געהערט שוין וויפל מאָל, און עס קאָן זיין — איך גיב צו, — אַז ס׳איז ניט גרינג צו זיין אַ ייִד. האָב איך אָבער שוין געזאָגט אייך דעם מאָטיוו, פאַר וואָס איך גיי דאָס טאָן. עס איז קיין אַנדער אויסוועג נישטאָ.

**רב לוי היילפּערין:** צו אַ שוואַכער מאָטיוו אויף צו מאַכן אַזאַ ערנסטן שריט!

**איוואַנאָוו:** אַנטשולדיקט, רבי. ליבע איז, נאָך אייער מיינונג, אַ שוואַכער מאָטיוו?

**רב לוי היילפּערין:** ליבע איז אַ הייליק געפיל, נאָר אַ שוואַכער מאָטיוו אויף צו מאַכן אַזאַ שריט. ברעכן אַ גלויבן קאָן מען נאָר ביי אַ אינעווייניקסטן קריזיס, ווען איך הער אויף צו גלויבן אין דעם און הייב אָ צו גלויבן אין אַן אַנדערן, — אָבער ניט צוליב דערגרייכן אַ געוויסן ציל, עס מעג זיי אַפילו ווי שיין, מיר, צום ביישפיל, באַדויערן אונדזערע משומדים אַלץ איינס צי זיי האָבן זיך געטויפט צוליב פּראַוואָזשיטעלסטוואָ, צוליב אַ דיפּלאָם, צוליב פּרנסה, אָדער צוליב אַ מיידל... פאַרשטייט זיך, אַז אייער מאָטיוו איז אַ פיינער, די פּסיכאָלאָגיע איז אַן איידעלערע; אָבער דער קאָמפּראָמיס בלייבט אַ קאָמפּראָמיס. עס איז גע־מאַכט געוואָרן אַ שטיקל געשעפט מיט גאָט, אַ מין „ביזנעס", ווי די אַמעריקאַנער רופן עס אָן...

**איוואַנאָוו:** עס האַנדלט זיך דאָ, אייגנטלעך, ניט וועגן גלויבן... דאָ רעדט זיך נישט וועגן גאָט...

**רב לוי היילפּערין:** איך ווייס. איך רעד אייך ניט פון גלויבן. אין גלויבן איז מען בכלל היינטיקן צייטן שוואַכלעך. סיי ביי אונדז, סיי ביי אייך... איך רעד פונעם פאָלק, פון דער אומה רעד איך. איר וועט דאָך ניט וועלן איינרעדן זיך אַליין, אַז איר, אַלס געבוירענער קריסט און אויפגעצויגענער צווישן קריסטן, ביי היינטיקע ביטערע צייטן פון ראַסנהאַס, ווען מענטשן זיינען ווילד, — אַז איר האָט ליב אַ ייִדין, אַז ביי אייך איז אַ ייִד און ניט אַ ייִד אַלץ איינס...

**איוואַנאָוו:** (ענטוזיאַסטיש) ביי מיר איז אַלץ איינס! איך ווייס אַז איך האָב ליב דאָס מיידל מיטן גאַנצן וועזן — און איך וויל נישט וויסן פון קיין זאַך!...

**רב לוי היילפּערין** (מיט אַ שמייכל) נו, יאָ, איך גלויב אייך זייער גערן און איך פיל אייך מיט מיטן גאַנצן האַרצן... איך דאַרף אייך אָבער זאָגן, יונגער־מאַן, פאַראַן ביי אונדז אַ שפּריכוואָרט, אַפילו אַ ביסל אַ באַנאַלעס, נאָר אַן אמת־דיק וואָרט: „ווי קאָנסטו ליב האָבן דאָס ווייב, אַז דו האָסט ניט ליב איר משפּחה?"... אונדזער משפּחה איז, ליידער, נאָך קיינמאָל אַזוי ניט פאַרהאַסט געווען פון אַלע־מען, ווי אין דער לעצטער צייט. נאָט, זעט, ביי וואָס עס האַלט, אויף וואָס מיר זע־

**נעון אריבער:** (נעמט אַ רוסיש בלאַט פון טיש און ווײַזט אים). **זעט, וואָס מע שרײַבט וועגן אונדז!** (ווײַזט אים אין בלאַט).

**איוואַנאָוו:** (טוט אַ קוק, לייענט הויך) **„בלוט פאַר בלוט!"...** (לייגט אַוועק דאָס בלאַט מיט פאַראַכטונג). **דאָס האָב איך געלייענט נאָך נעכטן... נו, ווער ווייסט דאָס ניט אַז די גאַנצע דיעלאָ פונעם ריטואַל־מאָרד איז אַ פאַנטאַזיע, אַ שווינדל, אַ גראָב שטיקל אַרבעט?**

**רב לוי היילפּערין:** (מיט צופרידנקייט). **דאָס זאָגט איר? עס איז זייער אָנגענעם צו הערן פון אַ קריסט אַזעלכע ווערטער. וואָס זאָגן אָבער אַנדערע קריסטן? אָט זײַנען מיר געווען נאָר־וואָס ביים גובערנאַטאָר אַ דעפּוטאַציע, איך און נאָך עטלעכע פאָרשטייער פון דער היגער ייִדישער געמיינדע. נו, האָט מען געשמועסט אַלץ וועגן דעם ריטואַל־מאָרד, אָדער וועגן דעם „שווינדל" ווי איר רופט עס אָן... ביי אייך איז דאָס אַ שווינדל, און ביי זיי איז דאָס אַ גאַנצער עסק, אַ פּראָצעס. איר האָט באַדאַרפט הערן, מיט וואָס פאַר אַן ערנסט דער גובערנאַ־טאָר, אַ געבילדעטער אינטעליגענטער מאַן, האָט אונדז געשטעלט נאָך אַ פראַגן, איינע נאָך דער אַנדערער, און נאָכגעפרעגט זיך אַלץ אויף איינעם אַ שניאורסאָן, צי קענען מיר אים ניט? אַ שניאורסאָן פעלט זיי צום פּראָצעס.**

**איוואַנאָוו:** (פאַראינטערעסירט) **טאַקע ערנסט? צו וואָס באַדאַרפן זיי אַ שניאורסאָן?**

**רב לוי היילפּערין:** **בכדי ס'זאָל זיין מער „ריטואַל". די שניאורסאָנס, פאַרשטייט איר מיך, קומען אַרויס פון...**

**איוואַנאָוו:** **פון די ליבאַוויטשער „צאַדדיקעס"... זוכט מען, הייסט עס, דעם „צדדיק" שניאורסאָן?**

**רב לוי היילפּערין:** (מיט אַ שמייכל) **פון אייערע ווערטער קאָן מען אַרויסזען, אַז איר פאַרקערט מיט ייִדן און האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט ווערטער... אַלזאָ, זוכט מען אַ שניאורסאָן אויף צו באַשולדיקן אים אין ריטואַל־מאָר. אַ שאָד! איר זענט אַ קריסט, וועט איר דאָס גאָרנישט קאָנען פאַרשטיין, ווי ווייט לעכער־לעך און שמערצלעך דאָס איז צו הערן, אַז מענטשן זוכן צו באַשולדיקן אין אַזאַ מיאוסן פאַרברעכן די אייניקלעך פון יענעם גרויסן ליאָדער רב, רב שניאור־זלמן, וואָס זיי, די זוכער, זײַנען כ'לעבן, נישט ווערט צו דערמאָנען דעם נאָמען זײַנעם...**

**איוואַנאָוו:** **דאָס זענט איר גערעכט. יעדער ערלעכער קריסט וועט אייך נאָכגעבן, אַז איר האָט רעכט. נאָר, גאָספּאָדין ראַווין, איך בעט אייך הונדערט מאָל פאַרצייאונג, וואָס איך דערלויב צו באַמערקן אייך אין זאַך: וויבאַלד איר זענט אַזוי שטאָלץ אויף אייערע גרויסע מענטשן, — ווי אַזוי גייט איר דאָ מיט דעפּו־טאַציעס און דערנידעריקט זיך פאַר יענע, וועלכע באַשמוצן אַזוי מיאוס אייערע גרויסע?**

**רב לוי היילפּערין:** (האַלב פאַרמאַכט די אויגן, רעדט מיט אַ איראָניזשן שמייכל). **און ווי אַזוי וואָלט איר געטאָן?**

**איוואַנאָוו:** איך זאָל זיין אויף אייער אָרט, וואָלט איך ניט געגאַנגען צום גובערנאַטאָר, ער זאָל מיר העלפן פון אַ ייִדישן פּאָגראָם...

**רבֿ לוי היילפּערין:** (צעלאַכט זיך). ערשטנס בישט פון אַ ייִדישן פּאָגראָם, נאָר פון אַ קריסטלעכן. ייִדן האָבן דערווייל נאָך קיינמאָל קיין פּאָגראָם נישט געמאַכט..

**איוואַנאָוו:** פּאַרדאָן, איך האָב מיך נישט גוט אויסגעדריקט. איך זאָג, אַז ווען איך זאָל זיין אַ ייִד, וואָלט איך מיך געשעמט קנ:ען פּאַר די, וואָס מאַכן אויף מיר פּאָגראָמען...

**רבֿ לוי היילפּערין:** (אַ ביסל מיט פּאַרדראָס) און ווען איך זאָל זיין אַ קריסט, פּאַלט איך מיך נאָך מער געשעמט, אַז ייִדן זאָלן קומען צו מיר בעטן, איך זאָל זיי ניט באַפאַלן אין דעם פייערלעכסטן און אין דעם פריילעכסטן פון זייערע ימים־טובים, ניט מאַכן אַ תל פון זייער האָב און ניט באַרירן זייערע פרויען און קינדער... (אין אויפרעגונג אויפגעשטאַנען און געמאַכט אַ פּאָר טריט הין און צוריק).

**איוואַנאָוו:** (נאָך אַן אומאַנגענעמער פּויזע) אַנטשולדיקט, געערטער רבי, ניט דאָס האָב איך געמיינט... איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז ווען איך זאָל זיין אַ ייִד, וואָלט איך געזוכט הילף בײַ זיך אַליין... איר זענט אַ פּאָלק פון זיבן מיליאָן, ווי איר זאָגט, און אַ פּאָלק מיט אַזאַ פּאַרגאַנגענהייט, מיט אַזאַ קולטור, — ווי דער־לאָזט איר, מע זאָל אייך אַזוי טרעטן מיט די פיס? (מיט היץ). אַ! איך וואָלט זיי באַוויזן, אַז אַ מענטש קאָן אַליין ביישטיין פּאַר זיך! איך האָב קיין מורא ניט פּאַר קיין פּאָגראָמען!

**רב לוי היילפּערין:** געוויס! ווייל איר זענט אַ קריסט. און אַז איר זאָלט זיין אַ ייִד, אַן רעכט צו וווינען, אַן רעכט צו לערנען, אַן רעכט צו רירן זיך פון דאַנען אַהין, אַן רעכט צו שיצן זיך אַפילו, אַז יעגער פּאַלט אויף אייך אַן אין מיטן העלן טאָג אומבאַשטראָפט, און איר זאָלט, אַזוי ווי מיר, למשל, פּרוּוון דריי טעג און דריי נעכט אַפליגן פּאַרשטעקט ערגעץ אויף אַ בוידעם, אָדער אין אַ פינצטערן קעלער, אָן ברויט און אָן וואַסער, און איר זאָלט הערן דאָס פּאַרשטיקטע געוויין פון אומשולדיקע קינדערלעך, — אוי בין איך זיכער, אַז איר וואָלט דעמאָלט גע־זונגען אַן אַנדער לידל!... (פּויזע) ניין, יונגערמאַן! ווערליך איך פּאַרשטיי אייך, איז נישט איר דאַרפט נעמען אויף זיך אַזאַ שווערע אַרבעט צו זיין אַ ייִד. מיר, אַז מיר טראָגן אונדזער שווערן גלות אַזוי פיל הונדערטער יאָרן, — ווייסן מיר צוליב וואָס, צוליב אונדזער אַלטער תורה. צוליב דער תורה קאָנען מיר זיך לאָזן אי טרעטן מיט די פיס, אי לאָזן זיך ברענען אויף פייערן. אָבער איר צוליב אַ מיידל?... ניין, נישט כדאי! נישט כדאי! טוט דאָס ניט!... (מאַכט אַ באַוועגונג אויף אויפצושטיין).

**איוואַנאָוו:** (שטייט אויף). איר מאַכט מיר שווער דאָס האַרץ, געערטער רבי, איר האַלט מיך אָפּ, איר שרעקט מיך.

**רבי לוי היילפּערין:** איך שרעק אייך ניט, איך זאָג אייך נאָר דאָס, וואָס איך מיין. אַ ייִד ווערן קאָן מען ניט. אום אַ ייִד צו ווערן, באַדאַרף מען פריִער דורכמאַכן דעם גאַנצן ייִדישן גלות. מיט דער מאַמעס מילך באַדאַרף מען איינזויגן

**אין זיך דאָס קאָנען ביישטיין דעם נסיון פון זיין אַ ייִד... פּאָלגט מיך, איר לייגט אייך פריִער גוט איבער, וואָס פאַר אַן עָדנסטן שריט איר גייט מאַכן, און פרעגט זיך אַליין, וואָס וועט זיין מיט אייך נאָכדעם, שפּעטער, אויב אייער ליבשאַפט צום מיידל וועט אָפּגעקילט ווערן? צי וועט איר קיין חרטה ניט האָבן? און צי וועט איר קאָנען אויסהאַלטן אַלע רדיפות און יאָגענישן און אַלע גזירות רעות, וואָס האַגלען אויף אונדזערע קעפּ?**

**איוואַנאָוו:** (מיט אַ זיפץ) אפשר זענט איר גערעכט. איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער אָפנהאַרציקייט. נאָר איך מוז אייך זאָגן, ניט ווי פאַר אַ פרעמדן, נאָר ווי פאַר אַ פריינט, אַז ביי מיר איז דאָס אַ באַשטימטע זאַך... (ענערגיש). אַזוי מוז דאָס זיין און אַנדערש קאָן עס ניט זיין, ווייל קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. איך האָב ליב דאָס מיידל — און זי מוז זיין מיינע! (גיט דעם רב די האַנט).

**רב לוי היילפּערין:** (דריקט אים די האַנט). נו, זאָל אייך גאָט העלפן, ווי איר ווינטשט זיך אַליין. איר האָט מיך געפרעגט, האָב איך אייך געזאָגט דאָס, וואָס מיין געוויסן און מיין פאַרשטאַנד האָבן מיר דיקטירט. און ווייטער — ווי איר פאַרשטייט. גייט געזונט און זייט מצליח. איוואַנאָוו פאַרנייגט זיך טיף, גייט אָפּ. רב לוי היילפּערין מאַכט צו די אָפענע ספרים, וואָס אויפן טיש, און טראָגט זיי איבער איינציקווייז אין ספרים־שאַנק).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# בלאָנדזשענדע שטערן

## קאַפּיטל 30

### אַ נאַכט פון כישוף

און אַז אונדזער העלד וועט לעבן הונדערט יאָר אַפילו, וועט ער אויך ניט פאַרגעסן יענע נאַכט פון דער שריפה אויף „גאָטס גאַס", וואָרום דאָס איז געווען אַ נאַכט פון כישוף.

אין די סאַמע בעסטע ווי אין די סאַמע ערגסטע צייטן פון זיינע שפּעטערדיקע יאָרן, און נאָך עד היום הזה, אַז ער בלייבט מיט זיך איינער אַליין, איז אים אַנגענעם צו ליגן מיט צוגעמאַכטע אויגן און איבערלעבן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, יענע גליקלעכע, שיינע אומפאַרגעסלעך־כישופדיקע נאַכט, ווען ער איז אַ האַלב פאַרשלאָפענער געלאָפן זען, ווער ברענט אויף „גאָטס גאַס".

דער גאַנצער הימל, אויף וויפל דער אויג קאָן כאַפּן, האָט זיך באַפאַרבט מיט רויטן, אַזוי ווי מיט בלוט. ווו זיינען אַהינגעקומען די שטערן? איבער דער דאָזיקער רויטקייט האָבן זיי זיך ערגעץ באַהאַלטן און זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. פון דעם צווייטן עק גאַס האָט זיך געטראָגן אַ ווייטער הילך. עס האָט זיך געהערט אַ הוהאַ פון מענטשן, אַ בילן פון הינט און אַ קנאַקן פון ברענענדיקע דעכער. אויף דער רויטער ליכטיקייט האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט פון דער ווייטן אַ סך שוואַרצע פיגורן. אין אַ רויטן וואָלקן איינגעהילט איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן דעם רבינס טאָכטער, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ שיינע, פאַרכישופטע נאַכט־פּרינצעסן. קיינמאָל האָבן אירע שוואַרצע האָר ניט אַזוי געגלאַנצט. קיינמאָל האָבן אירע טונקל־רויטע בעקלעך ניט אַזוי געגליט, ווי אין דער דאָזיקער נאַכט. און עס האָט זיך אים אויסגעמאָלט, אַז זי איז אַליין פון פייער, אַז אָט הייבט זי זיך אויף און ווערט פאַרשוואונדן אינאיינעם מיט די שטערן ערגעץ אין דער רויטער ליכטיקייט פון דער דאָזיקער כישופדיקער נאַכט. און ער פילט, ווי עס ציט אים צו איר נענטער און נענטער.

און רייזל האָט אים דערקענט נאָך פון דערווייטנס. זי קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן, צי ס'איז ניטאָ קיין פרעמדער מענטש, וואָס זאָל זיי זען. ניין, ס'איז ניטאָ קיין פרעמדער מענטש, וואָס זאָל זען, ס'איז ניטאָ קיינער. אַלע זיינען ביי דער שריפה. די גאַנצע שטאָט איז ביי דער שריפה.

זי גייט אים צווי טריט אַקעגן אין קורצע ווערטער גיט זי אים איבער, ווי אַזוי זי האָט זיך אויפגעכאַפּט... איינע אַליין אין שטוב... אַלע זיינען ביי דער שריפה... „ווער ברענט?"

— ווער ברענט? איך ווייס אויך ניט ווער סע ברענט. מיך האָט מען אויפגע־וועקט און געזאָגט, אַז ס'איז אַ שריפה אויף „גאַטס גאַס", בין איך געלאָפן גלייך אַהער.

רייזעלע קוקט אים אין די אויגן אַריין.

— גלייך אַהער?

— איך ווייס אַליין ניט, פאַר וואָס גלייך אַהער, וואָרום ווען אַפילו די שריפה זאָל זיין ניט אויף „גאַטס גאַס", וואָלט איך אויך פריִער געלאָפן גלייך אַהער...

ער בלייבט שטיין. ער פילט, אַז ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַן איבעריקן וואָרט, און ער ווערט רויט... רייזעלע לאָזט ניט אַראָפּ פון אים קיין אויג. אַך, ווי שיין ער זעט אויס אין דער מינוט אָט דאָ אויפן פייער! ווי חנעוודיק עס פלאַמען אים די בעקלעך! און די גרויסע און מילדע אויגן זיינע קוקן אויף איר אַזוי היימיש, אַזוי ליבלעך, גלייך ווי ער וואָלט איר זיין אַן אייגענער, אַן אייגענער ברודער.

לייבל פאַרכאַפּט זיך און גיט איר צו פאַרשטיין, פאַר וואָס ער וואָלט לויפן פריִער אַהער: „אין אַזאַ נאַכט!"... „און גלאַט וואָס האָט ער צו טון דאָרטן ביי דער שריפה? וואָס האָט ער ניט געזען? ווי אַזוי הייזער אויף „גאַטס גאַס" ברענען? לאָזן זיי ברענען, לאָז ברענען די גאַנצע גאַס, די גאַנצע שטאָט אַפילו, וואָס גייט עס אים אָן? איצט קער ער זיך שוין מיט האַלענעשטי נישט אַן גאָר נישט. גאָרנישט. ער איז שוין מער נישט קיין האַלענעטשער. נאָך אַ טאָג, נאָך צווי טעג"...

ער נעמט זי אַן ביי דער האַנט:

— ווענסט מיר געבן די האַנט תקיעת־כף, אַז צווישן אונדז וועט דאָס בלייבן? וועל איך דיר עפּעס זאָגן.

און לייבל דריקט איר הענטל אין זיין גרויסער וואַרעמער האַנט אַזוי ווי דע־מאָלט אין טעאַטער און ער זאָגט צו איר שטיל און ערנסט, און אַ בענקעניש הערט זיך פון זיין קול: — איך פאָר אַוועק פון דאַנען.

זי שטעלט אַוועק אויף אים אירע גליִענדיקע ציגיינער־אויגן.

— וווהין?

וווהין? ער ווייסט נאָך אַליין אויך ניט — וווהין. נאָר אַז ער פאָרט אַוועק — דאָס איז זיכער, אַזוי ווי ס'איז איצט נאַכט אויף דער גאַנצער וועלט. אַזוי ווי דאָס איז אַ הימל פון גאָט.

ביידע הייבן אויף די אויגן אַרויף צום הימל, און רייזל דערפילט אַז פון דער בשורה ווערט איר קאַלט. זי רוקט זיך צו צו אים נעענטער, קוקט זיך איין און הערט זיך צו אים אַזוי ערנסט. עס מאָלט זיך איר אויס, אַז ער איז מיט אַמאָל אויס־געוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסער. זי פרעגט אים, און עס הערט זיך ווי איר קול ציטערט: — אויף לאַנג?

— אויף לאַנג? וואָס הייסט, אויף לאַנג? אויף שטענדיק, אויף אייביק.

— אויף אייביק? וועלן מיר, הייסט עס, זיך שוין מער נישט זען שוין קיין מאָל ניט?

— קיין מאָל ניט.

לייבל זעט אין דעם אָפּשיין פון דער רויטער ליכטיקייט, אַז רייזלס שיין טונקל פּנים ווערט בלאַס, און ער נעמט זי אַן נאָך אַמאָל ביי דער האַנט און עס דאַכט זיך אים, אַז אירע פינגער זיינען מיט אַמאָל ווי קאַלט געוואָרן. און עס טוט אים באַנג, וואָס ער פאָרט אַוועק. ער קאָן אָבער דערצו גאָר נישט העלפן. שוין אַן אָפּגעמאַכטע זאַך — פאַרפאַלן. און ער אַנטשליסט זיך צו פאַרטרויען איר זיין סוד, זיין הייליקן סוד, וווהין ער פאָרט און צוליב וואָס ער פאָרט און איבער וועמען ער פאָרט... און רייזל קוקט אים אין די אויגן אַריין און הערט אים אויס און לאָזט אַרויס אַ גרינגן זיפץ.

לייבל קוקט אויף איר, ווי ער וואָלט איר וועלן זאָגן: „דו ווילסט ניט? דו וועסט בענקען?? זאָג: דו וועסט בענקען?״...

רייזל ווערט רויט: „ביין, ניט דאָס. זי איז אים נאָר מקנא. אָט, למשל, וויל ער אַוועקפאָרן פון דער היים, נעמט ער און פאָרט אַוועק. אַנו, לאָז זי, אַ שטייגער, פּרוּוון וועלן זיך אויפהייבן און אַוועקפאָרן — ווי קאָן זי? און אַוועקפאָרן פון דאַנען פון דער היים, פון די עלטערן? אַהאַ! מע זאָל זיך אויסרעכענען, קאָן זיין, אַז זי וואָלט עס אפשר אויך געוואָלט. זייער געוואָלט. ער מיינט, אַז נאָר ער האָט צרות? זי האָט די אייגענע צרות, וואָס ער. און אפשר נאָך מער״...

און זי גיט אים איבער אַלעס. און זי דערציילט פאַר אים־אַלצדינג, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין דעם דאָזיקן טאָג מיט דער דאָזיקער נאַכט. און דעם שמועס, וואָס זי האָט געהאַט נאָר־וואָס מיט אָט דעם פאַרשוין, וואָס מע רופט אים אין האַלענעשטי „די פאַרשלעפּטע קרענק״. און די ווערטער פון דעם דירעקטאָר גיט זי אים איבער. אַלצדינג דערציילט זי אים. אַלצדינג.

און לייבל ווייסט אַליין ניט, ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן. נאָר ער געדענקט, אַז זיי זיינען ביידע געזעסן אויף דער שוועל פון ישראלי דעם חזנס דירה, און איר קליין קינדעריש הענטל איז געווען אין זיין האַנט. און ער האָט געגלעט איר קליין קינדעריש הענטל מיט זיינע הענט. און ער האָט דאָס צוגעטראָגן איין מאָל צו זיינע הייסע ליפּן און ער האָט איר געקושט, געקושט די שפּיץ פינגער. און זי האָט ניט צוגענומען פון אים איר הענטל נאָר געקוקט אויף אים דערשראָקן, מיט גרויסע־גרויסע אויגן. און אירע גרויסע שוואַרצע ציגיינער־אויגן האָבן געגלים און אָפּגע־פינקלט זיך אויף דעם רויטן שיין פון דער דאָזיקער זעלטענער שיינער כישופדי־קער נאַכט.

וואָס פאַר אַ כוח האָט זיי דאָס אַוועקגעזעצט אַזוי נאָענט, אַזוי האַרט איינס לעבן דאָס אַנדערע, אָט די דאָזיקע צוויי יונגע אומשולדיק־קינדערשע נשמות? וואָס פאַר אַ כוח האָט זיי געצווונגען ביידן, זיי זאָלן אויסגיסן איינס פאַר דאָס אַנדערע אַלעס, וואָס ביי זיי טוט זיך? וואָס פאַר אַ כוח האָט זיי געמאַכט מיט אַמאָל אַזוי נאָענט, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען באַפריינדעט גאָט ווייסט, פון ווען אָן?

נישט קיין אַנדער כוח, אויסער דעם ווונדערלעכן פאַרבאָרגענעם כוח פון יענער געטלעך־ווונדערלעכע נאַכט.

דאָס איז געווען אַ נאַכט פון כישוף.

## קאַפּיטל 31

# שטערן פאַלן ניט — שטערן בלאָנדזשען

דאָס, וואָס רייזל האָט דערציילט לייבלען אין יענער כישופדיקער נאַכט, זיצנדיק אין צווייען ביי ישראלי דעם חזן אויף דער שוועל, איז ביי אים געווען אַ נייעס. אירע ווערטער האָבן זיך אַריינגעגאָסן ווי בוימל צו אים גלייך אין האַרצן אַריין. איר קול האָט אים געקלונגען אין די אויערן ווי די שענסטע מוזיק אין דער דאָזיקער אויסטערליש־ווונדערלעכער, כישופדיקער נאַכט. „אָך, עס טוט אים באַנג, וואָס ער האָט נישט געוווסט פריִער פון דעם. גוט, וואָס זי האָט אים דערציילט. גוט, וואָס ער ווייסט. איצט זעט ער אַרויס, אַז ס'איז פון גאָט. איצט זעט מען, אַז ס'איז אַ באַ־שערטע זאַך. זיי איז, אַפּנים, באַשערט, זיי זאָלן ביידע אינאײנעם גלייך האָבן צרות, גלייך טראָגן דעם גלות פון האַלענעשטי, אָבער גלייך אויסגעלייזט ווערן פון דעם דאָזיקן גלות. ביידע גלייך זאָלן זיך אַרויסרייסן פון דאַנען, פון אָט דעם ענגן, וויסטן, פינצטערן האלענטשי. און ביידע גלייך אַוועקלאָזן זיך אַהין, אַהין, אין אַ נייער וועלט אַריין, אין אַ גרויסער ליכטיקער וועלט.

אָ! דאָרט וועט זיך אָנהייבן פאַר זיי ביידן גאָר אַ נייע מין לעבן. זיי וועלן ביידע גיין אין איין וועג. זיי וועלן ביידע לערנען איין זאַך. ער — שפּילן, און זי — זינגען. און ביידע וועלן זיי ווערן באַרימט אויף דער וועלט: ער מיט זיי שפּילן, זי מיט איר זינגען".

און לייבל גיט איר זיין האַנט און רופט די נאַכט, דעם הימל פאַר אַן עדות: „אָט די דאָזיקע נאַכט, אָט דער רויטער, מיט פייער באַדעקטער הימל לאָז זיין אַן עדות, אַז קיינמאָל זאָלן זיי זיך ניט אָפּשיידן איינס פון דאָס אַנדערע. אויף דערויף גיבן זיי זיך ביידע די האַנט תקיעת־כף, און גאָט איז זייער עדות, אַז תמיד, תמיד זאָלן זיי זיין אינאיינעם, שטענדיק, אייביק און אייביק! וואָס ס'זאָל זיך מיט זיי ניט טרעפן און ווו זיי זאָלן ניט מגולגל ווערן — איז אינאיינעם. תמיד און אומעטום אינאיינעם. און אַפילו דעמאָלט, אַז זיי וועלן ביידע אויסוואַקסן, ווערן גרויסע, זאָל מען אויך איינס אָן דאָס אַנדערע נים פון דאַנען אַהין. קיין מאָל נישט. קיין מאָל נישט! ביידע וועלן זיי זיך האַלטן שטענדיק ביי איין טעאַטער. ביידע וועלן זיי נאָכ־דעם אַרומרייזן די גאַנצע וועלט. און אַז זיי וועלן שוין האַלטן דערביי, וועלן זיי מסתמא נאָך קומען אַהער, קיין האלענטשי. געוויס וועלן זיי קומען אַהער. גאָר אָן אַ שום תירוץ. צוגאָסט וועלן זיי קומען צו זייערע טאַטע־מאַמע... וועט געוואָר ווערן די שטאָט, וועט מען זיך צונויפלויפן אויף חידושים אָנקוקן בעני ראַפאַלאָוויטשעס

זון און ישראלי דעם חזנס טאָכטער... אַך, ווי גוט עס וועט זיי דעמאָלט זיין! אַלע וועלן זיי מקנא זיין. מע וועט זיי נאָכלויפן. מע וועט אויף זיי טייטן מיט די פינגער: „אָט איז דאָס גליקלעכע, גליקלעכע פּאָר!" ...און זיי וועלן דאָך שוין דעמאָלט אַוודאי זיין חתן־כלה... וואָס עפּעס חתן־כלה? ניין, נישט חתן־כלה, נאָר מאַן און ווייב, כאַ־כאַ... וואָרום חתן־כלה זיינען זיי שוין פון לאַנג... נאָך פון יענעם ערשטן אויפדער־נאַכט, וואָס מע האָט זיי באַזעצט דאָס ערשטע מאָל אין טעאַטער".

— געדענקסטו דעמאָלט, ווען מע האָט אונדז דאָס ערשטע מאָל באַזעצט אין טעאַטער, כאַ־כאַ־כאַ!

„אַ שאלה אַ ביסל, אויב זי געדענקט?... זי וואָלט וועלן אייביק אַזוי זיצן. וואָרום וואָס קאָן זיין בעסער און ליבער און זיסער, ווי טעאַטער, ווי יידיש טעאַטער?"...

„אָך, רבונו של עולם! גלייך ווי זיי האָבן זיך ביידע אַנגערעדט! נו, איז דאָס נישט קיין גאָטס זאַך, זעט מען דען ניט אַרויס פון דעם, אַז גאָט אַליין האָט אויף זיי רחמנות געהאַט, אַז גאָט אַליין האָט אַראָפּגעקוקט צו זיי פון הויבן און האָט זיי צוגעשיקט יעדן באַזונדער אַן אַנדער שליח, אַן אַנדער אויסלייזער:-איר אָט דעם שלים־מזל שלום־מאיר, און אים — האָצמאַכן"...

און לייבל דערציילט איר אַ שיינע געשיכטע, די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט זיך באַקענט מיטן דאָזיקן פּאַרשוין האָצמאַך. ווי אַזוי ער האָט זיך מיט אים באַפריינדעט, געוואָרן נפש אַחת. און ווי אַזוי דער פּאָטער האָט זיי געפּאַקט און אים מיאוס באַשטראָפט, און ווי אַזוי ער האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן צו נעמען נקמה, אָפּצאָלן, אַראָפּרעכענען זיך פאַרן בזיון...

און דעם גאַנצן פּלאַן פון נקמה, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט, און אַפילו ווי אַזוי ער וועט אַרויסבאַקומען די „קלינגערס" — אַלעס גיט ער איר איבער מיט אַלע ברעקלעך. ער האָט קיין מורא ניט פאַר איר. וואָס זאָל ער מורא האָבן? ער ווייסט, ער פילט, אַז „ער און זי זיינען פון היינטיקער נאַכט אָן איינס, וואָרום זיי האָבן זיך געגעבן אַ תקיעת־כף. איר האַנט איז אין זיין האַנט. און גאָט איז זייער עדות. גאָט איז אויבן. דאָרט, אין הימל. אָבער ער הערט, גאָט הערט אַלצדינג, אַלצדינג"...

און זייערע ביידנס אויגן קוקן אַרויף, אין הימל אַריין. און דער הימל איז שוין מער ניט רויט אַזוי ווי פריִער. די שריפה ווערט אַלע מינוט קלענער. דער הו־האַ מיטן טומל — שטילער. און אָט האָבן זיך שוין ווידער באַוויזן שטערן אויפן טיפן הימל אין דער דאָזיקער געטלעך־שיינער וואַרעמער סוף־זומערדיקער נאַכט. פריִער איין שטערן, נאָכדעם — נאָך איינער און נאָך איינער. און נאָכדעם — גאָר אַ סך, אָן אַ שיעור שטערן. און זיי בייטן זיך, די שטערן, איין שטערן אַהער, דער אַנדערער אַהין, איינער אַראָפּ, דער אַנדערער אַרויף, זיי פאַלן, פאַלן.

— זע נאָר, ווי די שטערן פאַלן... זאָגט רייזל צו לייבלען און דאָס קול ציטערט, און דאָס האַרץ קלאַפּט איר.

לייבל צעלאַכט זיך. „שוין זשע האָט זי מורא? מע דאַרף ניט מורא האָבן".

זאָגט ער צו איר און באַרויִקט זי, ווי אַן עלטערער, כאָטש, אייגנטלעך, איז זי עלטער פון אים מיט אַ יאָר. „וואָס דאַרף מען מורא האָבן? שטערן פאַלן ניט, שטערן בלאַנדזשען. שטערן בלאָנדזשען“...

און ער גיט איר צו פאַרשטיין, ווי אַ גרויסער, ווי אַן עלטערער ברודער, ווי אַזוי שטערן בלאָנדזשען. ער ווייסט. ער לערנט דאָך אין חדר, דעריבער ווייסט ער. דער שכל פון די שטערן איז אַזוי: „יעדער שטערן איז אַ נשמה פון אַ מענטשן. וווּהין די נשמה גייט, אַהין גייט דער מענטש. דעריבער מאָלט זיך אונדז אויס, אַז די שטערן פאַלן.

— שטערן פאַלן ניט, שטערן בלאָנדזשען. — זאָגט איר לייבל, קוקנדיק אַרויף, אין טיפן הימל, וואָס ווערט אַלע מאָל מער אָפּגערייניקט פון דער פריִערדיקער רויטקייט. נאָר איין עק הימל, אַהין אַראָפּ, איז נאָך אַ ביסל באַדעקט מיט העל־רויטער פאַרב, וועלכע ווערט אַלע מאָל העלער און שיטערער און צעגייט זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז. און די שוואַרצע פיגורן, וואָס זיינען פריִער געווען אַזוי צעבויפגעשפּאַרט, צונויפגעשטויסן אַלע אין איין אָרט, הייבן אָן ביסלעכווייז זיך פונאַנדערצושפּרייטן אין אַלע זייטן. און עס לאָזן זיך שוין הערן נאָענטע קולות. אָט באַלד, אָקערשט ווי מע זעט נישט, וועט מע קומען און מע וועט זיי דערזען זיצן אָט אַ דאָ, ביי דער טיר... דאַרף מען אויפשטיין, דאַרף מען גיין... כאָטש עס גלוסט זיך ניט...

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

און לייבל הייבט זיך אויף פון דער שוועל און לאָזט זיך גיין אַהין, צו דער שריפה, און בלייבט שטיין, דרייט זיך אויס צוריק מיטן פּנים צו רייזלען נאָך אַמאָל, נאָך איין מאָל:

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

נאָך אַ ביסל — און ווערט פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

## קאַפּיטל 32

# אַ גוטע וואָך!

שבת צו נאַכטס.

עס זיינען אַוועק אַלע גוטע סימנים פונעם גוטן ליבן שבת קודש אין האלענטשי.

מע זעט שוין ניט מער אויף דער „פּריצישער גאַס“ די פיינע ציקאַווע בחורים מיט די שיין אויסגעפּוצטע מיידלעך, וואָס האָבן שפּאַצירט אַ גאַנצן טאָג שבת ביז שפּעט פאַרנאַכט און גערעדט אויף רוסיש (אַ שלעכט געהרגעט רוסיש, אַ הענט און אַ פיס, אַבי רוסיש).

מע זעט שוין ניט מער אויף „גאַטס גאַס" קיין ייִדן און ווייבער. די ייִדן — אַנגעטאָן אין שבתדיקע קאַפּאָטעס, און די ווייבער טראָגן ברילי‌אַנטלעך אין די אויערן (צוויעקעס — אַבי ברילי‌אַנטלעך).

אויך ייִדישע קינדער זעט מען נישט מער אין דרויסן זיך שפּילן אין אַ ניי שפּיל, אין „ייִדיש טעאַטער". שוין לאַנג האָט זיך געזעצט די זון מיט איר גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ. אויסגעלאָשן געוואָרן איז דער לעצטער פונק פונעם שיינעם וואַ־רעמען בעסאַראַביער זומערטאָג און אָפּגעטראָטן פון דעם אָרט פאַר דעם שיינעם וואַרעמען שטילן בעסאַראַביער זומער־אָוונט. ווו ניט ווו באַווייזט זיך אַ שטערן, לייכט און בלישטשעט און שמייכלט אַראָפּ צו דער טונקעלער שטויביקער ערד.

פרומע ווייבער האָבן שוין לאַנג אָפּגעזאָגט שטילערהייט אין דער פינצטער „גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב", און אַ שטילע מאָדנע בענקעניש האָט זיך געלאָזט הערן, אַ בענקענעש נאָכן „ליבן שבת קודש, וואָס גייט אַהין"... און געלע פייערלעך האָבן זיך באַוויזן פון אַלע פענצטער אַרויס.

ערלעכע ייִדן האָבן שוין לאַנג אָפּגעזאָגט הבדלה. אַנדערע האָבן שוין אַפילו אָפּגעזאָגט דעם „המבדיל" מיט די „אליהוס" און מיט די איבעריקע „זמירות למוצאי שבת". און אַנדערע האַלטן נאָך אין מיטן זאָגן. אין רעכטן זינגען, און אין רעכטן באָמקען „אל תירא עבדי יעקב"... אַ עס הערט זיך אַ בענקעניש אויך אינעם דאַזיקן זאָגן. און עס גנבעט זיך אַריין אַ טרויעריקער טאָן אינעם דאַזיקן פריילעכן זינגען...

שווער, שווער זיך צו שיידן מיט דער נשמה יתירה! שווער, שווער זיך צו געזעגענען מיט דער שיינער ליבער בת־מלכה שבת!...

— אַ גוטע וואָך! אַ גוטע וואָך! — זאָגט ישראל'י דער חזן מיט אַ טיפן זיפץ באַלד נאָך דער הבדלה צו דער חזנטע און צו דער טאָכטער, און נעמט זיך זאָגן „ויתן לך" שיין, אויף אַ קול, און אויסנווייניק פּ‌ּאַקט צו מיטן פינגער. ער קוקט אויף לאהן און טראַכט זיך: „אָט וועט זי באַלד מאַכן אַ שמועס פון געלט, פון שיך און פון אַנדערע וואָכעדיקע זאַכן".

— אַ גוטע וואָך און אַ מזלדיקע וואָך! — ענטפערט אים לאה די חזנטע מיט אַ זיפץ און האָט אים ניט אין זינען אַפילו. זי קוקט גאָר אויף דער טאָכטער, אויף רייזלען, וואָס זיצט עפּעס מאָדנע פאַרטראַכט איינע אַליין אין אַ ווינקעלע.

— פון וואָס טראַכט אַצינד דאָס קינד, מיר זאָל זיין פאַר איר קאָפּ? — אַזוי טראַכט לאה און עס טוט איר ווי דאָס האַרץ אויף איר קינד.

לאה האָט שוין לאַנג חרטה דערויף, וואָס זי האָט זיך באַגאַנגען צו דער טאָכ־טער אַ ביסל צו ירגזונדיק, צו שטרענג... „מיט אַ בת־יחידה, מיט אַ ציטעריקע, איין און איינציקע, טאָר מען ניט אַזוי... זי ווייסט דאָס גאַנץ גוט, אַז מע טאָר ניט... עס איז שוין אָבער אַ פאַרפאַלענע זאַך. זי קאָן שוין צוריק ניט כאַפּן... און ווער שמועסט, איצט — אַוודאי ניט. אויס טעאַטער. זיי פאָרן שוין, זאָגט מען, היינט ביינאַכט אַוועק צו אַלדע גוטע יאָר"... (מיינען, מיינט זי, אייגנטלעך, „צו אַלדע שוואַרצע יאָר". נאָר למאי זאָל זי שעלטן ייִדן אויף אַ פולע וואָך...).

אַ ביסל טוט לאהן באַנג וואָס דאָס ייִדישע טעאַטער פאָרט אַוועק.

„ווינציקער מיט אַ טאַרעראַם אין שטאָט. — טרייסט זי זיך אַליין. — האַלעװאַי איז זיך באַגאַנגען ביז אַהער אָן אַ ייִדיש טעאַטער, וועט מען זיך באַגיין מסתמא ווייטער אויך, האָסטו געזען אַ ביסל!... און דאָס קינד וועט מסתמא פאַרגעסן, צי ס׳איז גאָר אַמאָל געווען טעאַטער אויף דער וועלט... אַ קינד בלייבט אַ קינד. זי וועט איר קויפן אַ פּאָר נייע שיכלעך, וועלן זיך פאַרהיילן אַלע וווּנדן... און ווער שמועסט נאָך דערצו צוקערקעס, „מאַרמעלאַדן" און כדומה אַזעלכע גוטע זאַכן, ווען זי ברענגט איר צוטראָגן מאָרגן, אם ירצה השם, פונעם מאַרק... אוי, אַ דונער איז איר! מאָרגן איז זונטיק, אַ מאַרקטאָג, כמעט אַ יאַריד, און זי האָט נאָך ניט, איר צו װאַלט זאָגן, אַן אויסגעריבענעם גילדן אַפילו! מע באַדאַרף זיך אַ נעם טון צו ישראלין, עס גייט אַזאַ וואָך, האָסטו געזען אַ ביסל!"...

די דאָזיקע געדאַנקען פאַרטראָגן אונדזער חזנטע אין אַזעלכע וואָכעדיקע דרכים אַריין, אַז זי פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע אין רייזלס קריוודע.

און רייזל — לאָזט זי צו־רו. רייזל איז נישטאָ. רייזל איז ווייט, ווייט פון דאַנען...

דאָס הייסט, דערווייל איז זי נאָך דאָ. ווו וועט זי אָבער מאָרגן זיין? מאָרגן?... אָ. דאָס ווייסט קיינער ניט, קיינער ניט, נאָר זיי אין צווייען. דאָס הייסט, זי און לייבל... און נאָך צוויי מענטשן ווייסן פון דעם סוד: דער דירעקטאָר פונעם ייִדישן טעאַטער און זיין מענטש, שלום־מאיר... אָט דער שלום־מאיר האָט אָפּגערעדט מיט איר ערשט היינט אינדערפרי, בעת אַלע זיינען געווען אין שול, אַז נאָך האַלבע נאַכט, ווי דער זייגער וועט נאָר אויסשלאָגן צוועלף, אַזוי זאָל זי... אָך, זי ווייסט שוין, זי ווייסט שוין וואָס!... און נאָר זי און ער, און ווייטער קיינער נישט, קיינער נישט!...

און עס טוט איר הנאה, וואָס זי ווייסט אַזאַ זאַך, פון וועלכער די מאַמע הייבט נישט אָן צו וויסן... אַמצווה אויף איר! אַ מצווה! שלום־מאיר איז גערעכט. ער זאָגט: „האָט זי נישט געזאָלט נעמען אַ מיידל און פאַרשליסן זי אין שטוב, איינע אַליין, האַלטן זי ווי מע האַלט „אַ פייגעלע פאַרשלאָסן אין אַ שטייגעלע". קיין פרייע מינוט. קיין קאָפּ ניט אויפצוהייבן! פאַר פרעמדע זינג נישט! אין טעאַטער גיי נישט! אַהין קוק ניט! דאָרט שטיי ניט!... „וואָס איז מען עפּעס, פאַרקויפט צו טאַטע־מאַמע? קנעכט איז מען ביי זיי? אָדער וואָס?"... אַזוי זאָגט שלום־מאיר און איז גערעכט. זייער גערעכט!... אם ירצה השם, מאָרגן אין דער פרי, אַז די מאַמע וועט אויפשטיין און דערזען, אַז „דאָס פייגעלע איז אַרויסגעפלויגן פונעם שטייגעלע" — אוי, וועט זי חרטה האָבן! אוי, וועט זי וויינען!... עס וועט שוין אָבער דעמאָלט זיין צו שפּעט. עס וועט איר שוין געמאָלט זיין אַ גוטע וואָך.

— אַ גוטע וואָך און אַ מזלדיקע וואָך!...

ווי טוט איר דאָס האַרץ נאָך אויף איינעם, אויפן טאַטן. „דער טאַטע נעבעך — אויף אים איז יאָ אַ רחמנות... ער האָט זי אַזוי ליב געהאַט. מיט אים איז זי תמיד געווען אַזוי נאָענט. ניט ווי אַ קינד מיט אַ פאָטער. נאָר כמעט ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער. ווער וועט מיט אים שפּילן חנוכה אין „דריידל"? ווער וועט ביי אים אַרויסגנעמען פּסח דעם אַפיקומן פון אונטער דעם קישן? ווער וועט אָנרייסן

ברינגט אויף שבועות? ווער וועט גייך מיט אים שמחת־תורה אין שול אַריין? און ווער וועט זינגען מיט אים זמירות?״...

און רייזעלע דערמאָנט זיך, ווי ערשט ניט לאַנג פלעגט זי נאָך שבת צונאַכטס זינגען מיטן טאַטן אינאיינעם די „אליהוס״ און גלאָט ייִדישע זאַכן און שטיקלעך, וואָס דער טאַטע האָט זי אויסגעלערנט. און די מאַמע בעת־מעשה פלעגט צעבלאָזן דעם סאַמאָוואַר און מאַכן טיי.

איין ליד געדענקט רייזל, פלעגן זיי זינגען אַלע שבת צו נאַכטס, אַז דעם חזן איז געווען אויפגעלייגט אויפן האַרצן. דאָס ליד הייסט „משיח״ און זינגען דאַרף מען אים האַלב אויף ייִדיש און האַלב אויף גויִיש. דער חזן צו איר אויף ייִדיש און רייזל צו אים אויף גויִיש:

ער: „וואָס וועט דעמאָלט זיין?״
זי: „קאָניעץ למר גלותנו״.
ער: „וווהין וועלן ייִדן גייך?״
זי: „מי פּאַידיאָם לארצנו״.
ער: „וואָס וועט דאָרטן זיין?״
זי: „שם נאַידיאָם גואלנו״.
ער: „ווער זשע וועט דאָס זיין?״
זי: „גאָש משיח צדקנו״.
ער: „ווען זשע וועט דאָס זיין?״
זי: „סקאָרא במהרה בימינו״.
ביידע (גייך): „יום גילה, יום רינה,
יום דיצה, יום חדוה,
גילה, רינה, דיצה, חדוה,
אהבה ואחוה!״.
און נאָך אַמאָל: יום גילה, יום רינה!...

— טאַמער וואָלט שוין געווען אַמאָל גענוג „געלע־גרינע?״ — מישט זיך אַריין די מאַמע מיטן סאַמאָוואַרל. — לאָמיר בעסער טרינקען צו גלעזלעך טיי, האָסטו געזען אַ ביסל!...

אַך, ווי גוט, ווי ליכטיק, ווי פריילעך! און דאַכט זיך, אַט ערשט איז דאָס געווען, און דאָך — אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג, גאָט ווייסט ווען!... און עס נעמט זי אַרום אַ מורא־דיקער, אַ שוואַרצער אומעט. און עס איז איר שווער דאָס האַרץ. און עס איז איר ענג אין האַלדז. אַט־אַט וועט זי זיך צעוויינען... דערזעט דער פאָטער, ווי זי זיצט איינע אַליין עפּעס פאַרזאָרגט אין אַ ווינקעלע, גייט ער צו צו איר זינגענדיק, גלעט איר די שיינע, שוואַרצע גלאַנצנדיקע האָר און בייגט זיך אָן צו איר:

— וואָס איז דיר, טאָכטער?
— גאָרנישט... אַ גוטע וואָך!
און זי פאַלט צו מיט איר הייסן קאָפּ צום חזנס ברוסט, טוליעט זיך צו צו אים און קושט אים, און האַלדזט אים.

# מען איז זיך מוחל

א.

## נח־וואָלף דער קצב

דער טאָג פון ערב יום־כפור זאָל זיין דריי מאָל אַזוי גרויס ווי ער איז, וואָלט ער אויך געווען קאַרג פאַר נח־וואָלף דעם קצב. ער זאָל פאַרטיק ווערן מיט זיין אַרבעט ביז דער גרויסער ערב־יום־טובדיקער מנחה.

און אַרבעט האָט נח־וואָלף גענוג — ער דאַרף זיך איבעראַרבעטן מיט שטאָט ייִדן, בעטן מחילה ביי אַלע זיינע קונים, וואָס קויפן ביי אים פלייש און ביי אַלע זיינע שכנים, וואָס ווינען מיט אים אויף איין גאַס, וואָס שטייען לעבן אים אַ קלייט לעבן אַ קלייט, און וואָס זיצן מיט אים אַ שטאָט לעבן אַ שטאָט אין דער קצבישער קלויז.

ס׳איז נישטאָ אין שטאָט אַ מענטש, וואָס נח־וואָלף דער קצב זאָל מיט אים נישט האָבן געהאַט עפּעס אַ סטיטשקע. נישט מחמת נח־וואָלף דער קצב איז חלילה אַזאַ שלעכטער מענטש, נאָר ס׳איז ביי אים, ווי ער אַליין זאָגט אויף זיך, אַ פּאַדלער כאַראַקטער — זיך קריגן מיט דער וועלט.

קומט איר צו אים אין יאַטקע נאָך פלייש, זאָל ער אייך אָפּבאָדן מיט אַ שעפל קאַלט וואַסער, ער ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס.

עס קומט אַריין אַ בעל־הביתטע.

— רב נח־וואָלף, האָט איר פריש פלייש?

ענטפערט איר נח־וואָלף:

— ווי קומט צו מיר פריש? פאַרשטונקען פלייש איז איר דאַרפט, קאָנט איר ביי מיר קריגן...

אָדער: — רב נח־וואָלף גיט מיר עפּעס אַ גוטן חלק.

— איך וועל אייך געבן סאַמע דעם חלק, וועלכן איר פאַרדינט...

אָדער: — וואָס גיט איר עס מיר פאַר אַ נבלה, וואָלט איך וועלן וויסן?

— ווי קומט אַ נבלה זיין אַ מבין אויף אַ נבלה?...

אָט אַזוי גראָב באַגייט זיך נח־וואָלף מיט זיינע קונהטעס די בעל־הביתטעס. פון דינסטן שמועסט מען נישט. אַ דינסט, אַז זי דאַרף גייך אין יאַטקע אַריין, פאַר־שעלט זי זיך איר געביין. זי ווייסט פריִער, אַז פון נח־וואָלף דעם קצב וועט זי נישט גוט אָפּשניידן: אָדער ער וועט איר דערלאַנגען מיט אַ לעקער איבערן פּנים פון אויבן אַראָפּ, אָדער ער וועט איר אָנטון דעם קויש אויפן קאָפּ, אָדער ער וועט זי גאָר דורכטרייבן:

— גיי דיר, גיי געזונטערהייט צו אַן אַנדערן, פאַראַן גענוג קצבים אַן מיר.

פון דעסטוועגן, איינס צום אַנדערן געהער זיך נישט אָן. נח־וואָלף דער קצב איז טאַקע אַ בעסן, אַ משוגענער, און דאָך וועט מען צו קיין אַנדערן נישט גיין, וואָרום נח־וואָלף דער קצב איז דער ערלעכסטער פון אַלע קצבים. אַלע ווייסן, אַז זיין וואָג איז אַ וואָג, און זיין וואָרט איז אַ וואָרט. זאָגט ער אייך, אַז דאָס פליש איז נעכטן געקוילעט, דאַרפט איר אים דאָס אַנדערע מאָל נישט איבערפרעגן. זאָגט ער אייך צו אַ מילץ, אַ לונג־און־לעבער אָדער אַ פוס אויף שבת — קאָנט איר שלאָפן רויק. היינט וועט ער אייך נישט אַריינגיין אין קיין גנבישע שטיק מיט די דינסטן און נישט מאַכן יד־אַחת מיט די קצבים, און דעריבער גראָבן אויף אים די דינסטן, ווי וויט זיי קאָנען, און די קצבים האַלטן אים דערטרונקען אין אַ לעפל וואַסער. ווי אַ ביין אין האַלדז שטייט זיי נח־וואָלף. אַ ייד אַן עקשן, שפּאַרט ער זיך איין — איז ווי אַן אַקס פאַר דער שחיטה, פונעם אָרט נישט צו רירן.

און אַליין זעט ער אויס אויך ווי אַן אַקס, ווי אַ וויזעלטיער. אַ הויכער, אַ ברייטער, מיט אַ רויט פּנים און אַ פּאָר ידים. אַז ער נעמט האַקן פליש, איז מיט אַזאַ רציחה, גלייך ווי דער אַקס אָדער די בהמה האָט עפּעס חוטא געווען און איז פאַרמשפּט געוואָרן צעהאַקט און צעשניטן צו ווערן פון זיינע הענט.

— אַ ייד אַ רוצח! — זאָגט מען אויף אים אין שטאָט און מע האָט פאַר אים מורא.

נאָר אויב אַ גאַנצן יאָר עסט זיך נח־וואָלף דער קצב — איין איטלעכן אין די ביינער אַריין, איז דאָס נאָר ביז תשובה־טעג; און קומען אָן די תשובה־טעג, איז אים נישט צו דערקענען. פונעם ערשטן טאָג ראש־חודש אלול ווערט ער שוין אַן אַנדער מענטש. ער ווערט פרום, האָט מורא פאַר גאָט און פאַר אַן עבירה און פאַר אַ בייזן חלום; הערט אויף צו קריגן זיך מיט די קצבים; צו די בעל־הביתטעס ווערט ער ווייך ווי פּוטער, צו די דינסטן — גוט, כאָטש לייג אים צו צו אַ מכה — גאָר נישט דער נח־וואָלף. אַפילו דאָס פליש האַקן האַקט ער אָן רציחה, ווי אַלע מאָל, נאָר פאַוואָליִנקע, מיט רחמים. גאָר נישט דער נח־וואָלף.

ערב יום־כפור ווערט ער פאַרטיק פאַר פרי; פאַרשלאָסן די יאַטקע, דאַווענען האָט ער געדאַוונט מיטן ערשטן מנין, טוט ער אָן די יום־טובדיקע קאַפּאָטע און גייט פון שטוב צו שטוב צו אַלע זיינע קונים און שכנים, פריינד און באַקאַנטע, זיי איבערבעטן, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגערירט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינטש אייך אַ חתימה טובה.

דערויף ענטפערט מען אים: „גם אתם, לאָז גאָט מוחל זיין". — און מע בעט אים זיצן און מע איז אים מכבד מיט לעקעך.

## ב.

## סאַנע דער וואַסער־פירער

— די גאַנצע שטאָט איז ביי אים אין די הענט, כחומר ביד היוצר — ווי אַ פערדל אין אַ וואָגן. ברצותו מקצר וברצותו מפצר — וויל ער — גייט ער, וויל ער — שטייט ער. אַ רוח זיי אין טאַטן אַריין, די בעלי־בתים. ווילן זיי וואַסער, זאָלן זיי צורעכט מאַכן די גרעבלי. אַניט — זאָלן זיי טרינקען קדחת מיט רביעית און נישט האָבן קיין טענות צו סאַנע דעם וואַסער־פירער: „רב סאַנע, וואַסער! רב סאַנע, וואַסער!"

אַזוי טענהט זיך אויס סאַנע דער וואַסער־פירער מיט זיך אַליין, זיצנדיק אויפן לידיקן פעסל, און אונטערשמייסנדיק דאָס פערדל, קרימט ער איבער די בעלי־הביתטעס, ווי זיי שטייען ביי דער שוועל פון זייערע הייזער און שלעפן אים יעדע צו זיך: „רב סאַנע, וואַסער! רב סאַנע, וואַסער!".

סאַנע ענטפערט זיי נישט דאָס אַנדערע וואָרט. סאַנע איז בכלל אַ ייִד אַ שוויי־גער. רעדן רעדט ער נאָר אָדער מיטן פערדל, אָדער מיט זיך אַליין. זיצנדיק אויפן פעסל, זאָגט ער תּהילים אַ קאַפּיטל נאָך אַ קאַפּיטל, און אַז ער קומט צווישן מענטשן, שוויגט ער. איר קאָנט אים זידלען, איר קאָנט אים חנפהנען — פאַר אים איז אַלץ איינס. האָט ער וואַסער אין פעסל — וועט ער אייך אָנגיסן אַ פולע דייזשע, האָט ער נישט — מעגט איר רעדן פון היינט ביז מאָרגן. כאַפּן זיך, לויפן, מקריב זיין צוליב אייך, זיך און דאָס פערדל — דאָס איז ער נישט מחויב.

דערפאַר אָבער אַז עס קומט פרייטיק, איז די צוויי גילדן מיטן קוילעטש — דאָס מוז זיין. אַניט — וועט ער בלייבן שטיין נעבן אייער שטוב, נישט רירן זיך פונעם אָרט ביז מאָרגן, אַזוי אַז די גאַנצע גאַס וועט וויסן, אַז איר האָט נישט צו צאָלן דעם וואַסער־פירער פאַר וואַסער...

אַ מאָדנער ייִד אָט דער סאַנע דער וואַסער־פירער. אַליין איז ער אַ קורצינקער און אַ גראָבינקער, כאַפּט דעם אָנבליק פון זיין פעסל מיט וואַסער. טראָגן טראָגט ער אַ גוייִש פעלצל מיט אַ שמויסן־היטל. די שטיוול זיינען ביי אים שטענדיק חרוב, די כאַליוועס — מיט אַ שטריקל אַרומגעבונדן. ווינטער טראָגט ער געפלאָכטענע הענטשקעס אויף די הענט מיט גרויסע לעכער. וואָנסיס האָט ער האַלבע, נאָר סימנים פון וואָנסיס, און אויגן האָט ער קליינע, קוקט בלינדלעך און זעט נישט, ווי העכער האַלב וואַסער ווערט ביי אים אויסגעפליעסקעט פונעם שפונט.

דאָס איז דערפאַר, וואָס די גאַסן זיינען נישט געפלאַסטערט, טאַנצט דאָס וועגעלע אַהין און אַהער; און מחמת די רעדער זיינען ביי אים קיינמאָל נישט גע־

שמירס, קאָן מען הערן פאַר אַ מייל, אַז סאַנע דער וואַסער־פירער פאָרט מיטן פעסל. קומען אַרויס צו אים די בעל־הביתטעס אַקעגן, איטלעכע מיט אַן אַנדער טענה:

— איר האָט מיר אָנגעגאָסן אַ האַלבע דייזשע מיט וואַסער!

— ווען וועט איר שוין ברענגען מיר אויך אַמאָל וואַסער?

סאַנע קוקט אויף זיי מיט די קליינע בלינדלעכע אויגן, ענטפערט נישט דאָס צווייטע וואָרט, גלייך ווי נישט אים מיינט מען.

— שלים־מזל! — רופט מען אים אין שטאָט און מע לײדט פון אים דעם גינהום.

נאָר איין מאָל אין יאָר דאַרף מען סאַנע דעם וואַסער־פירער נישט דערמאָנען וועגן וואַסער. דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כפור.

פון כאור הבוקר ביז האַלבן טאָג ווערן ביי אים אַלע דייזשעס אָנגעפילט מיט וואַסער, און סאַנע וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס גוייִשע פעלצל מיטן שמויסן־היטל, טוט אָן די שבתדיקע קאַנגאַרענע קאַפּאָטע מיטן קאַלינקאָרענעם קאַשקעט. אַן אויסגעצוואָגענער און אַ צוגעקעמטער, זעט ער אויס ווי אַ באַיאָרטער אַלמן צו דער צווייטער חופּה. פון שטוב צו שטוב גייט ער צו זיינע בעל־הביתטעס איבער־בעטן, זיך מוחל זיין:

— אַ גוט יום־טוב! טאָמער האָב איך אייך אָנגערירט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער און ווינטש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפערט מען אים: „גם אַתם, לאָז גאָט מוחל זיין;“. — מע בעט אים זיצן און מע איז אים מכבד מיט לעקעך.

ג.

## רפאל בעל־משגיח

רפאל איז אַ משגיח. ער גיט אַכטונג.

אויף וואָס גיט ער אַכטונג? אויף אַלצדינג. ער גיט אַכטונג אויף דער תלמוד־תורה, די קינדער זאָלן נישט גיין נאַקעט און באָרוועס; אויפן ביקור־חולים, אָרעמע לייט זאָלן דאָרט נישט אויסגיין פאַר הונגער; היינט גיט ער אַכטונג אויף די בחורים וואָס זיצן אין בית־המדרש און לערנען, זיי זאָלן האָבן וואָס צו עסן און נישט גיין אין צעריסענע שטיוול. און גלאַט אויף אָרעמע לייט אין שטאָט גיט ער אַכ־טונג, זיי זאָלן האָבן אויף שבת און אויף יום־טוב.

ער אַליין טאַקע גייט דאָס פון זייערטוועגן איבער די הייזער, קלייבט קאָפּי־קעס, נעמט צונויף פון זייערטוועגן אויף חתונות, אויף בריתן, אויף פדיון־הבנ׳ס און אויף אַנדערע שמחות. לאָזט נישט דורך קיינעם. רייסט פון טויט און פון לע־בעדיקע, און קריגט זיך, זידלט זיך און שלאָגט זיך פאַר „זיינע“ אָרעמע לייט.

אַ גאַנצע וואָך גייט ער אום מיט אַ שטעקן. און ערב־שבת און ערב־יום־טוב — מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס. אין דעם דאָזיקן זאַק וואַרפט איר אים אַריין וואָס

איר האָט: אַ שטיקל ברויט, אַ פּולקע פון אַן עוף, אַ געבאַקענעם קאַרטאָפּל, אַן אוגערקע, אַ קנאָבל, אַ ציבעלע, אַ ביינדל — אַלצדינג איז סחורה. און פּרוווט, אַדרבה, וואַרפט נישט אַריין רב רפאלן אין זאַק אַריין גאָרנישט נישט, וועט איר קריגן געזידלט, און אַז איר וועט זיך שטעלן אויסטענהן, קאָנט איר אים נאָך אַריינברענגען אין כעס, און ער קאָן אייך געבן מיטן שטעקן.

רפאל איז אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, אַ ניקאָלאַיעווסקער, און האַלט זיך גלייך, ווי אַ סטרונע, און גייט, ווי אַ סאָלדאַט. אַז איר ווילט, קאָנט איר זען ביי אים אונטער דער קאַפּאָטע, אויפן לייבל, אַ מעדאַל פון ניקאָלאַיען. צוויי מעדאַלן: איינע אַ זילבערנע, די אַנדערע אַ בראָנדזענע. און ער האָט צו דערציילן פון ני־קאָלאַי פּאַוולאָוויטשן מעשיות מיט מעשיות. נאָר ווו האָט ער צייט צו דערציילן מעשיות, אַז ער האָט אויף זיך אַזוי פיל אַרבעט? אַ קלייניקייט — אַ מענטש אַ משגיח!

ווער האָט אים געמאַכט פאַר אַ משגיח — ווייסט קיינער נישט. ווער צאָלט אים און וויפל באַקומט ער פאַר זיין אַרבעט — ווייסט קיינער נישט. קיינער ווייסט נישט און קיינער נעמט ביי אים נישט אָפּ אַ דין־וחשבון. מע גלויבט אים. מע ווייסט, אַז וואָס רפאל פאַרדינט פאַר זיין אַרבעט — מעגן דאָס די שונאים האָבן אויף זייער פאַרמעגן, וואָרום ער אויף זיך אַליין באַדאַרף גאָרנישט. און ער גייט מיט דעם גאַנג, אַז איר באַדאַרפט אויך גאָרנישט. ער קאָן זיך פאַרגינען אייך זאָגן מוסר, למאי איר גיט אויס געלט אויף דער רוח ווייסט וואָס, בעת אין שטאָט זיינען דאָ אַזוי פיל אָרעמע לייט. די גאַנצע וועלט איז ביי אים באַשאַפן געוואָרן נאָר פון די אָרעמע לייטס וועגן. דערזעט ער אויף אייך אַ ניי מלבוש, וועט ער עס אַ טאַפּ טון און וועט אייך אַ פרעג טון: „וואָס קאָסט?״ און וועט נעמען אויס־רעכענען אייך, וויפל אָרעמע לייט וואָלט מען געקאָנט דערמיט אויסקליידן. קומט ער צו גיין אויף אַ חתונה, אַ ברית, איז דאָס ערשטע, וואָס קומט אים אויפן זינען: „וויפל אָרעמע לייט וואָלט מען מיט אַזאַ סעודה געקאָנט אָנהאָדעווען?״... און ער וואַרט אָפּ, ווען וועט דער עולם אָפּבענטשן און צעגיין זיך, בכדי ער זאָל קאָנען צונויפנעמען די איבערגעבליבענע שטיקלעך פאַר זיינע אָרעמע לייט.

ווי אַלט איז ער? — דאָס ווייסט קיינער נישט, און ער אַליין — אויך נישט. ער איז שוין אַ ביסל טויבלעך. אַז איר רעדט צו אים און ער דערהערט נישט, צעשרייט ער זיך אויף אייך, אַז „איר שפּרעכט אים אָפּ אַ גוט אויג״, און איר מוזט רעדן העכער. אויך די ראיה איז די לעצטע צייט ביי אים אַ ביסל געשלאָגן. אַז ער גייט קוקט ער גלייך און טאַפּט מיטן שטעקן. ער טרעפט אָבער אַהין, ווו מע דאַרף, און אַז מע גיט אים, דערזעט ער, און אַז מע גיט אים נישט, בייזערט ער זיך, קלאַפּט מיטן שטעקן:

— איר האָט שוין היינט זיך אָנגעפּרעסן, דאַנקען גאָט, און אָנגעזוליאָקעט, און איצט רויכערט איר זיך אַ פּאַפּיראָסל. אייך איז, קיין עין־הרע, גאַנץ גוט! און דאָס ווייסט איר, אַז מיינע אָרעמע לייט פאַסטן נאָך פון נעכטן אָן, יאַדראַ וואַשי קאַטשקי!...

דאָס איז זיין יונישע קללה, וואָס ער איז מכבד מיט איר קליין און גרויס.

ענטפּערן אים דערויף איז אַרויסגעוואָרפן — מע קאָן נאָך הערן פון אים ערגערע ווערטער...

— נאָט אייך אַזאַ מין אַנשיקעניש! — זאָגט מען אויף אים אין שטאָט, און מע באַהאַלט זיך אויס פון אים, טאָמער וועט ער נישט געפינען.

קיין קינדער האָט ער נישט. ער האָט זיי אַלעמען איבערגעלעבט. ער האָט נאָר אייניקלעך, וואָס האַלטן אים אויס מיט גרויסע צרות — און דאָס גיט אים די מעג־לעכקייט, אַז ער זאָל זיך קאָנען אינגאַנצן אָפּגעבן צו זיינע אָרעמע לייט טאָג ווי נאַכט אַרומגיין איבער דער שטאָט, זשעברעוועז, שלעפּן, רייסן, דעקוטשען, איינעסן זיך אין די ביינער אַריין, זידלען זיך און שעלטן זיך אויף יוניש.

נאָר איין טאָג אין יאָר איז פּאַראַן, וואָס אונדזער בעל־משגיח לאָזט צו־רו דעם עולם. דאָס איז דער טאָג פון ערב יום־כּפּור.

ער האָט שוין באַזאָרגט זיינע אָרעמע לייט נאָך פון נעכטן, זיך איבערגעקריגט מיט דער גאַנצער שטאָט, אויסגעוויזן מיט ראיות, אַז אָרעמע לייט באַדאַרפן אויך שלאָגן כּפּרות, אַז אָרעמע לייט באַדאַרפן אויך האָבן מיט וואָס צו פאַרפאַסטן זיך — עס גייט אַזאַ הייליקער טאָג, יאַדראַ וואַשי קאַטשקי!... און איצט מאַרשירט ער מיט זיינע אַלטע סאָלדאַטסקע פּיס איבער דער שטאָט, שוין אַן אַ זאַק און אַן אַ שטעקן, יום־טובדיק, מיט בײדע ניקאָלאַיעווסקי מעדאַלן אויף דער ברייטער ברוסט. און מחמת דעם שטעקן האָט ער געלאָזט אין דער היים, גייט ער האַרט ביי די ווענט, פון שטוב צו שטוב, איבערבעטן דעם עולם, זיך מוחל זיין: — אַ גוט יום־טוב! טאָ־מער האָב איך אייך אָנגעריירט מיט אַ קרום וואָרט, בעט איך אייך איבער, און ווינטש אייך אַ חתימה טובה.

ענטפערט מען אים: „גם אַתם, לאָז גאָט מוחל זיין!“ — מע בעט אים זיצן און מע איז אים מכבד מיט לעקעך.

# מען הוליעט

## א.

## אליק דער מעכאַניק

פאַרשטייט זיך אַז ער איז אַ שניידער. און נישט נאָר אַ שניידער, נאָר אַ שניידערל, דאָס מיינט, אַז ער איז אַ קליינטשיקער מיט קורצע פיסלעך, מיט קליינטשיקע הענטלעך, מיט אַ קליין בערדעלע. נאָר אַ קול האָט ער דווקא אַ געמ־בע, אַ באַסאָווע שטימע. אַלע וווּנדערן זיך. ווי קומט צו אַזאַ קליין ייִדל אַזאַ באַ־סאָווע און געדיכטע שטימע? נאָר קשיות פרעגן איז קיין קונץ נישט. למאַי ווי קומט אַזאַ קליין ייִדעלע, ער זאָל אַרייַנגיסן אין זיך אַזוי פיל בראָנפן, אַז עס קומט שמחת־תורה?

אָבער טאַקע נאָר שמחת־תורה. אַ גאַנץ יאָר טרינקט ער נישט — נישט קיין בראָנפן, נישט קיין וויין. נישט מחמת ער האַלט ניט פונעם ביטערן טראָפן, נאָר איבער אַן אַנדער טעם — ער האָט נישט. ער איז נעבעך אַ גרויסער אָרעמאַן. מע קאָן זאָגן, אַן אביון. קינדער, קיין עין־הרע, אַ סך. און אַרבעט — וואָס אַ יאָר, וואָס אַ יאָר ווינציקער. אַן אויסכאַפּעניש זאָל קומען אויפן „ גאָטאָוויך פּלאַטיעור״ (גרייטע קליידער)! זינט עס האָט זיך געעפנט אין שטאָט דער „גאָטאָוויך פּלאַטיעור״, אייַנגעזונקען זאָל ער ווערן, און ס׳איז געוואָרן אַ מאָדע פאַרטיקע קליידער, און נאָך אויף אויסצוצאָלן דערצו, האָט אליק דער מעכאַניק, פאַרלוירן אייַנציקווייז אַלע זייַנע בעלי־בתים.

וואָלט כאָטש דער „גאָטאָוויך פּלאַטיעור״, אַ מיתה־פּאָהיבעל זאָל אויף אים קומען, וועלן צושאַרן אַמאָל אַ שטיקל אַרבעט. איז ווי לאַנג ער קרענקט! למאַי זאָל אַ ייִד פאַרדינען אַ שטיקל ברויט? אַמער לאָז אַ גוי האָבן פּרנסה. אַ גוי איז בילכער. כאָטש אַפילו ס׳איז אַ פאַדראָסיקע זאַך. מילא, אַז ער האַלט אַ צושניידער אַ גוי, איז כאַפּט אים בעני. אַ גוי אַ צושניידער שניידט אויף אַן אַנדערן פאַסאָן. אָבער שטעפּ[illegible]בטס? פאַרוואַרפעכטס? אונטערנייהעכטס? דערויף מוז מען שוין אויך קומען צום גוי? אַן עק! אייַנייען אַ קנעפל, צוסטריגעווען אַ בענדל, אויספּרעסן אַ קאָלנער — דאָס קאָן שוין אויך נישט אַ ייִד?

וואָלט דער „גאַטאָוויך פּלאַטיעוו", אַ שלאַק זאָל אים טרעפן, כאָטש אַליין געווען אַ גוי. איז ניין! דווקא אַ ייד, און נאָך וואָסער אַ ייד! אַ כשרער ייד און הייסט רב לייזער. ער איז אַ געוועזענער חייט, נאָר היינט איז ער אַ בעל־הבית, אַ חשוב ביי נאַטשאַלסווע, און פאַרט אַלע זומער „זאַגראַניצע" (אויסלאַנד) און ברענגט פון דאָרטן צו פירן אַלע יאָר נייע מאָדעס מיט נייע זשורנאַלן. אין שול זיצט ער אויבנאָן, עליות קויפט ער זיך די פעטסטע, שידוכים טוט ער די ייִענסטע. אַז ער איז געווען אַמאָל אַ שניידער, האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן.־דעם נאָמען חייט קאָן ער גאָר ניט הערן. אַ „נאַש־בראַט" לאָזט ער נישט אויף די אויגן. טרייבט אָרעמע לייט מיט שטעקנס. און גאָט זעט און שוויגט!

אַדרבה, וואָס אַ יאָר, ווערט „לייזער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו" רייכער. צו אים צו־צוטרעטן — דאַרף מען שוין גאָר האָבן אַ זכיה: אַ גלעקל ביי דער טיר!

אַ גליק, וואָס ס'איז כאָטש פאַראַן איין טאָג אין יאָר אַזעלכער, וואָס מע קאָן דעמאָלט צו אים צוטרעטן אָן זכות־אָבותן, אָן גלעקלעך, אָן קלינגעניש. דאָס איז דער טאָג פון שמחת־תורה.

שוין אין דער פרי, בעת אַנדערע יידן זיינען נאָך אין שול, איז אליק דער מעכאַניק, ווי די גאַנצע חברה הוליאַקעס, לאַנג אַן אָפּגעדאַוונטער, אָן אויסגע־טרונקענער און אַן איבערגעביסענער. און מע גייט שוין אַרומגענומען אַלע מיט אַ געזאַנג איבער דֵי גאַסן, פון איין נגיד צום אַנדערן, גוט יום־טוב בעטן. און צום אַלעם ערשטן גייט מען צום נייעם נגיד, „רב לייזער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו" (לכבוד שמחת־תורה האָט מען אַראָפּגענומען דאָס גלעקל פון טיר). פון גאַנץ פרי אָן שטייט צוגעגרייט אויפן טיש בראָנפן און ביר און וויין אַ פלעשל, מיט אַלערליי פאַרבייסן. רב לייזער אַליין גייט זיי אַקעגן מיט אַ פּאַרטיק שמייכעלע און בעט אליקן, ער זאָל מאַכן קידוש. טוט אים אליק צוליב און מאַכט דעם ברייטן יום־טובדיקן קידוש אויף זיין גראָבער באַסאָווער שטימע, דרייט און ציקלט זיך מעשה חזן, און די חברה הוליאַקעס ענטפערן אים מיטן כאָר, ווי זינגערלעך דעם חזן:

— אָ—אָ—אָ—מ—ן!

„לייזער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו" קלויבט כלומרשט נחת פונעם קידוש, און לייזעריכע כלומרשט קוועלט אויך, ציטערט, מע זאָל איר נישט פאַרגיסן דאָס טיש־טוך, נישט צעברעכן אַ גלעזל, אָדער חלילה אַן אַנדער שאָדן. אוןביידע שעצן זיי זיך גליקלעך, אַז זיי דרייען זיך אַרויס פון אליקן אָן אַ סקאַנדאַל. וואָרום אליק דער מעכאַניק, אַז ער איז רעכט אונטערן גלעזל און ווערט גוט פאַרקנאַקט, קאָן ער דערציילן דעם נייעם נגיד מיאוסע מעשיות. ער קאָן אים אָננעמען פאַר אַ האַנט און זאָגן אים דעם גאַנצן פסוק גאַנץ איידל און פאַרשטעלט:

— הער זשע אויס, ברודער גאַטאָוויך פּלאַטיעוו! כאָטש דו ביסט די כפרה פאַר אַ גוי, די כפרה מעגסטו זיין פאַר אַלע גוים, און כאָטש דו האָסט פיינט אַ יידן ערגער ווי אַ ייד חזיר, נאָר אַזוי ווי מיר האָבן היינט יום־טוב אויף דער גאַנ־צער וועלט, און אַזוי ווי דו האָסט אונדז מכבד געווען מיט לעקעך און בראָנפן, טאָ לאָמיר טרינקען לחיים, און לאָמיר זיך ווינטשעווען דערלעבן איבעראַיאָר שמחת־

תורה, און זיין די אייגענע ייִדן וואָס מיר זייַנען, און לאָמיר זיך צעקושן אין די פּיסקלעך, און לאָז די וועלט נישט וויסן, אַז דו ביסט אַ חייט בן חייט, און אַ פאַרד, און אַ שונא־ישראל, און אַ רוח אין די שונאים טאַטנס טאַטן אַריין!

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן נייעם נגיד, לאָזט זיך חברה הוליאַקעס מיטן געזאַנג צו די איבעריקע נגידים. דאָרט ווערט דער קידוש איבערגעחזרט מיטן זעלבן פּאַראַד, און מיטן כאָר. דערצו ווערט צוגעזעצט נאָך אַ פּאָר שטיקלעך פון ימים נוראים, וואָס אליק איז דערויף אַ גרויסער קינצלער, און אַז איר וועט אים שטאַרק בעטן, וועט ער אייך באַווייזן, ווי אַזוי אַן ערשטלינג גייט צו קינד, און נאָך אַזעלכע שטיק, אַבי צו משמח זיין דעם עולם, מאַכן אים לעבעדיק־פריילעך, וואָרום ס'איז שמחת־תורה — און שמחת־תורה דאַרף מען הוליען און הוליען.

## ב.

# קאָפּל בעל־מוח

אַזוי רופט מען אים דערפאַר, ווייל ער האָט אַ גרויסן שטערן און אַ גלאַנצנדיקן. „אַ שטערן, ווי ביי אַ מיניסטער", — זאָגט מען אויף אים. קאָפּל איז אָבער נישט קיין מיניסטער, קאָפּל איז אַ בעל־מלאכה, אַ שוסטער איז ער.

בטבע איז קאָפּל אַ ייִד אַ בעל מרה־שחורה. שטענדיק פאַרזאָרגט, פאַרחושכט, אָפּגעריסן, געשטימט טרויעריק, פּעסימיסטיש.

פון וואַנען נעמט זיך עס? אפשר דערפון, וואָס ער קוקט אויף דער וועלט כל ימיו פון אַ פינצטערן קעלער? דאָרט איז זיין וואַרשטאַט, דאָרט קלאַפּט ער פּלעקלעך. דאָרט איז זיין היים, דאָרט לעבט ער. שוסטעריי איז נישט שניידעריי. אַ שניידער מוז האָבן ליכט; אַ שוסטער קאָן זיך באַגיין אין דער פינצטער.

דאָס הייסט, אַז מע וויל צוריק, באַדאַרף אַ שוסטער אויך צו זען, וווהין ער שטעכט מיט דער נאָל און וווהין ער קלאַפּט אַ פלעקל. נאָר דערצו איז גענוג אַ קליין פענצטערל, אַ קוואַטירל, וואָס קוקט דורך אַ געל־גרינבלעך גלאָז אין דרויסן אַרויס. אַ מענטש וואָס זיצט אָפּ אַזוי פיל יאָרן אויף אַ קיילעכיק לעדערן זעסל און קלאַפּט מיטן האַמער אין דער פינצטער, קאָן נישט זיין קיין אָפּטימיסט.

און אפשר נעמט זיך זיין מרה־שחורה דערפון, וואָס גאָט האָט אים געבענטשט מיט אַ ווייב אַ צרה, וואָס אַ חוץ דעם, וואָס זי באַגראָבט אים אַ לעבעדיקן, האָט זי אין זיך נײַן מאָס רייד, דאָס מויל מאַכט זיך איר נישט צו?

„שרה די זאָגערן" — אַזוי רופט מען זי צווישן די שכנים, וואָרום זי האָט אַ מענה־לשון אין רעדט אָן אַן אָפּשטעל. עס גייט ביי איר געבונדן אין געקייטלט, און עס לאָזט זיך ביי איר נישט אויס, ווי פון אַ קוואַל.

מיר קאָנען נישט פאָדערן פון אונדזער פריינד לעזער, אַז ער זאָל אונדז גלייבן אויף נאמנות. ער איז עס נישט מחויב. דעריבער גיבן מיר דאָ אַ מוסטער

פונעם מענה־לשון, וואָס „שרה די זאַגערן" ליגט אַוועק אין אַ שיינעם פרימאָרגן, בעת קאָפּל קלאַפּט מיטן האַמער און זיינע צוויי שוסטער־יונגען העלפן אים אונ־טער, איינער ציט אַ דראַטווע און דער אַנדערער פּוצט אַ פּאַדעשווע. מיינט נישט: שרה אַליין זיצט אויך נישט צונויפגעלייגט די הענט. זי טוט דריי אַרבעט מיט אַמאָל: מיט די הענט שיילט זי קאַרטאָפליעס, מיט די פיס וויגט זי אַ קינד און מיטן מויל רעדט זי, און דווקא צו זיך אַליין.

— גיט זיך אויס אַ טאָג, איז כאָטש עפן טיר און טויער, ווי אין אַ מאַנהויז, פון כאור אַן הו־האַ, אויף און אַפּ, טאַ דער, טאַ יענער. טאַמער איז קאַרג דאָס קלאַפּן, קלאַפּן זאָל אים אין קאָפּ, ווי ער קלאַפּט מיטן האַמער, איז זי אויך דאָ, טאַקע די שוועסטער זיינע, די קלאַפּעטיריכע מיטן צינגל, ווי אַ גלעקל, דזין־דזין־דזין, אַ גדולה אויף דער באַבע, זי האָט אַ בריוול פון איר דאַלי, אַנגעקומען אַזש פון אַמעריקע, קומט אים אַ דאַנק, ער האָט נאָך נישט חאַסלירע געהאַט, דער שיינער מאַנדיוק, פאַר אַן אַנדערע דאַרטן, אַ מכה אים, ווי חיה־קיילעס מאַן האָט דאָרטן אָפּגעטאָן, פאַרכאַפּט זאָל עס ווערן, אָט דאָס אַמעריקע טאַקע! וואָרום אַז מע קומט אַהין, פאַרגעסט מען, אַז מע האָט געלאָזט אַ ווייב אין דער היים, גרינגע פייגעלעך! אַ קיש־קיש מיטן קאָפּ אין דער ערד! נישט אויסצוהאַלטן פון דער קור־רעלאַפּניטשקע מיט אירע עופות! גייען אַרום הונגעריקע און וויל האָבן פון זיי שמאַלץ, כאָטש וועלן אַמאָל זיך לייגן אויף אַ טשיקאַוועס, שענקען אַן איי אויף דער חלה צו באַשמירן ביי דעם דאָזיקן יקרות, וואָס נישט צוצורירן זיך, נישט צו קיין איי, נישט צו קיין קאַרטאָפליע, נישט צו קיין ציבעלע, כאָטש לויף אין דער וועלט אַריין, אַ סיפּע אים אין פּנים אַריין און אַ געשוויר אים אין זייט, טאַקע דעם גוי, ווי ער איז קליגער געוואָרן, און וויל שוין אָפּנאַרן אַ ייִדן. קופּי או מענע קורקו נאַ שאַבעס (קויף ביי מיר אַ הינדל אויף שבת) — לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז אַזאַ קורקו, ווי דו ביסט אַ רב. —ווערט זי נאָך מלא גזלן און רייצט זיך: או טעבע ראַשע נעמאַ! (דו האָסט קיין געלט ניט!) און באַהאַלט דאָס שיינע הינדל אין בוזעם. אַ קאָטאַ, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! נאַ דיר נאָך טאַמער איז קאַרג, ברוך הבאַ, אַ קאָטער האָט זיך פאַרנאַדעט צו די קעץ, אַלע אין דער פרי און אויף דער־נאַכט, ווי אַ זייגער, שמעקט אין אַלע טעפּ. נישטאַ גאַרגישט! אויסגעטריקנט! טרוקן זאָל דיר זיין אין האַרצן, און אין קאָפּ, און...

— וועמען שעלסטו דאָס? — טוט ביי איר קאָפּל אַ פרעג אויף אַ טשיקאַוועס, הערט אויף אַ ווײַלע קלאַפּן מיטן האַמער און שטעלט אַוועק אויף זיין ווייב דעם גרויסן גלאַנצנדיקן מיניסטערשן שטערן.

— טאַקע דיך מיט דיינע ממזרים! — ענטפערט אים שרה, גאַרנישט לאַנג געטראַכט. און טוט זיך אירע דריי מלאכות ווי פריער, און איז צופרידן, וואָס זי האָט פרישן שטאָף אויף איר מענה־לשון, וואָס ציט זיך ביי איר אָן אַ סוף און אָן אַ ברעג, ווי דער ים, ווי דער ייִדישער גלות, ווי קאָפּלס דלות. אַרעמער קאָפּל! וווהין וואָלט ער נישט געלאָפן, ער זאָל נישט זיין צוגעבונדן אָט צו דעם לעדערנעם זעסל? מוז ער אָבער פאַרענדיקן אַ שטיקל אַרבעט, אַניט — וועט ער נישט האָבן

**אויף שבת, און אַז ער וועט ניט האָבן אויף שבת, וועט זיין אָפּגעשניטענע יאָר** **פון שרהן מיט איר מענה־לשון.**

שוואַרץ, חושך ווי די ערד, זעט אויס קאַפּל דער שוסטער, און דערשלאָגן. מע הערט פון אים קיין פּיפּס. שטיל טראָגט ער אויף זיך דעם גלות מיטן דלות מיט אַלע צרות, שטיל האַלט ער עס אין זיך. מע באַדאַרף זיין אַ פילאָזאָף, מע זאָל קאָנען האַלטן אין זיך אַזוי פיל. קאַפּל בעל־מוח איז אַ פילאָזאָף. אַ שטילער פילאָזאָף און אַ פאַרזאָרגטער.

נאָר אויב קאַפּל איז אַ גאַנץ יאָר פאַרזאָרגט, איז דאָ אַ טאָג, — און דער טאָג איז שמחת־תורה — וואָס ער איז פריילעך. וואָס זאָג איך פריילעך, נייגעבוירן, אויסער זיך, משוגע, ריין משוגע! שטעלט אייך פאָר קאַפּל בעל־מוח צווישן חברה הוליאַקעס מער הוליאַק פון אַלע הוליאַקעס! ער האָט זיך געביטן מיט אליק דעם מעכאַניק די היטלען — אַז דער האָט אַ היטל ווי אַ שיסל, און יענער האָט אַ היטעלע, ווי אַ פייג די גרויס — קאָן מען נישט פּלאַצן פאַר געלעכטער? טשעפּעט נישט, זיי האָבן זיך געוואָלט בייטן מיט די קאַפּאָטעס אויך, קריכט ניט אליקס קאַפּאָטקעלע אין קאַפּלס געזונטע פּלייצעס.

קאַפּל דער שוסטער זעט אויס קעגן אליק דעם שניידער, ווי אַ גלית הפּלישתי. עס איז דעריבער אַ קאָמעדיע אָנצוקוקן, ווי די צוויי נעמען זיך אַרום ברידערלעך, גייען טאַנצן איבער די גאַסן. און כאָטש קאַפּל האָט אַ קול פון אַ ריקבעט, מע קאָן זאָגן, כמעט גאָר קיין שטימע נישט, פון דעסטוועגן טוט ער זיך אָן אַ כוח און העלפט אליקן זינגען, ווי אַ געטרייער משורר דעם חזן. און אַז אליק שטעלט זיך אַוועק מאַכן דעם פריילעכן קידוש, האַלט אים קאַפּל אונטער: „באָם"! און אַז אליק האָט געענדיקט דעם קידוש אויף זיין באַסאָווער שטימע מיט אַ געדרייטן „מקדש ישראל" און מיטן אַ ציקלדיקן „ו־ה־ז־מ־נ־י־ם", און וויל צוטראָגן דעם כוס צו די ליפּן, כאַפּט אויס קאַפּל ביי אים דאָס גלעזל פון די הענט, און איידער מע קוקט זיך אַרום, איז שוין קאַפּל מיטן כוס פאַרטיק. ער האַלט שוין גאָר ביי לאָזן זיך אין אַ טענצל. דערווייל טרייבט ער אונטער אליקן, אַז אליק זאָל זינגען, וועט ער אים העלפן. טוט אים אליק צוליב, און בײדע זינגען זיי אַ יום־טובדיק ליד און די גאַנצע חברה הוליאַקעס העלפן אונטער, ווער מיטן קול און ווער מיטן פּליעסקען פון די הענט. אָט דאָס איז דאָס ליד, וואָס זיי זינגען:

אַתה בחרת—ת—נו
מכל הע—מים.
איזאַ וסיעך נאַראָ—ראָ—ראָדאָוו
טי נאָס וויביו אַל.

— שטאַרקער, ייִדן, שטאַרקער! — שרייט קאַפּל בעל־מוח, און דער שטערן ביי אים שוויצט סכּנות — נישט געזאָרגט, ברידער! **דער עיקר — נישט געזאָרגט** זיך, און נאָר געזונגען, און נאָר געטאַנצט, און נאָר געהוליעט, און נאָר געהוליעט!

## ג.

# רבינו יונה

או באַניו — אין באָד אַריין!
יידעלעך, פּאָמיטסאָ,
שמייסן זיך, פּאָסטריטסאָ,
קאָסטאָטשקי פּאָפּראַוויטש,
צרות טאָם אָסטאַוויטש,
או באַניו — אין באָד אַריין!

אַט דאָס לידל קאָנט איר ביי אונדז הערן יעדן ערב־שבת און יעדן ערב יום־טוב.

דאָס זינגט יונה דער בעדער, אַ ייד אַן אַטלעט, אַ באַרדיקער, אַ האָריקער, אַ געלער, מיט געלע געדיכטע ברעמען, מיט זייער אַ זיסער שטימע, האַלב אויף גוייִש, האַלב אויף יידיש — בכדי יוצא צו זיין לכל הדעות, פאַר יידן ווי פאַר נישט יידן. וואָרום כאָטש אונדזער באָד איז אַ קהלשע באָד, געבויט פאַר יידיש געלט פון יידנס וועגן, און ווערט געהייצט אַלע ערב־שבת, אייגנטלעך, פון יידנס וועגן, דאָך איז אונדזער באָד אָפן פאַר אַלעמען, אָן אַ שום אונטערשייד און אָן אַ שום פּראָצענט־נאָרמע פאַר „פרעמדע״... און בכדי אַלע טאָקע זאָלן וויסן, וווהין מע רופט זיי, האָט יונה דער בעדער אָנגעהאָנגען אויף אַ גאַנץ הויכן שטעקן אַ בעזעם — אַן עמבלעם אויף אין באָד אַריין.

דערזען דעם בעזעם און דערהערט יונה דעם בעדערס געזאַנג, פילן יידישע קינדער באַצייטנס דעם טעם און דעם ריח און דעם תענוג פון אַ באָד, און עס מאַלט זיך זיי אויס, אַז אָט ליגן זיי שוין אויף דער אויבערשטער באַנק, איינגע־הילט אין אַ געדיכטער היץ, מע זעט נישט איינס דאָס אַנדערע, אין איבער זיי, אין דער הויך, געוועלטיקט יונה מיטן בעזעמל, פּאַרעט זיי, בעזעמט זיי, שמייסט זיי און דרעשט זייערע לייבער און רעדט בעת־מעשה איבער זיי העכער האַלב אויף רוסיש, ווי זיין שטייגער איז: „עך, דערזשיס, בראַטצי, לכבוד שבת!״...

העכער האַלב אויף רוסיש רעדט יונה דערפאַר, ווייל ער האַלט זיך פאַר אַ רעכטן פּאַני, פון „טיף ראַסעיאַ״, פון „סימביר״. און ס׳איז טאָקע אַזוי. דאָס הייסט, אייגנטלעך, איז יונה דער בעדער, אויב איר ווילט וויסן, גאָר אַ אונדזעריקער, טאָקע פון אונדזער שטאָט. נאָר ס׳איז מיט אים אַ גאַנצע מעשה, און די דאָזיקע מעשה ווילן מיר אייך איבערגעבן אין קורצע ווערטער.

אַמאָל — שוין לאַנג — האָט יונה געהאַט אויף זיך אַ „דיעלע״. די דיעלע איז געווען אַ „פּוסטיאַשנע דיעלע״. אַ פּוסטיאַשנע, נישט קיין פּוסטיאַשנע — מע האָט אים געבראַכט צום געריכט, אָפּגעמשפט און פאַרשיקט אויף אַ היפּש שטיקל צייט, אַהין, ווו מע לאָזט נישט אַריין קיין יידן, סיידן מע האָט אים געכאַפּט מיט

אַ גנבה. און אַז די צייט איז אַוועקגעגאַנגען און יונה האָט זיך באַדאַרפט אומקערן צוריק, האָט אים אונדזער שטאָט אַפּילו נישט אַזוי שטאַרק חשק געהאַט צוצושרייבן, און מע האָט אים דאָך צוגעשריבן, און „יונה דער סימבירניק" איז געוואָרן צוריק אַ אונדזעריקער. האָט ער אָבער אין שטאָט נישט געטראָפן שוין קיינעם פון זיי־ניקע: מען איז זיך צעקראָכן: דער איז אַרויסגעפאָרן, דער איז אַוועקגעשטאָרבן. האָט ער זיך אויפגעהאַלטן די ערשטע צייט אין בית־המדרש. נאָר וואָס קאָן טון אין בית־המדרש, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ ייד אַן עם הארץ, וואָס ווייסט נישט קיין צלם פאַר קיין אַלף? עס איז נאָר געווען שטאָף פאַר די לצים אויף אָפּצולאַכן. ווי אַזוי אַ ייד אַ סימבירניק זאָגט עברי, זעצט ווי אַ באָנדער, און ווי אויף צו־להכעיס, האָט מסתמא יונה ליב, ווי אַלע גראָבע יונגען, דאַווענען דווקא אויף אַ קול, בכדי די גאַנצע וועלט זאָל וויסן, אַז ער קען נישט קיין שטיקל עברי. אָט דעמאָלט דאָס אים חברה געקרוינט מיטן נאָמען: „רבינו יונה". וואָס איז פאַר אים אָנגעמאָסטן.

— נו, רבינו יונה! זעצט זיך אָקאָרשט, זייט מוחל, אַוועק אָט דאָ ביים אויוון און דערציילט אונדז עפּעס פון די ווייטע מדינות, פון סימביר... יונגע לייט, דרך־ארץ! צערוקט אייך, קוועטשט אייך, מאַכט אַן אָרט פאַר רבינו יונהן!...

און „רבינו יונה" זעצט זיך אַוועק, און חברה — אַרום אים, און ער דער־ציילט זיי מעשיות פון די ווייטע מדינות, פון די קעלטן, וואָס דאָרטן, און פון דער אַרבעט, וואָס מען אַרבעט, און פונעם עסן, וואָס מען עסט, און פונעם שלאָגן, וואָס מע שלאָגט. אין די מעשיות איז דאָ אַ טייל אמת, אַ טייל צוגעשמאַלצן פון יונהס פאַנטאַזיע. נאָר חברה הערט זיך צו מיט אינטערעס און מיט פאַרגעניגן, וואָרום „רבינו יונה" האָט אין זיך אַ כוח — ער קאָן דערציילן. עס גייט ביי אים גלאַט, נישט צו דערקענען, וווּ לאָזן זיך אויס פאַקטן און וווּ הייבן זיך אָן פאַנטאַזיעס... גאַנצע נעכט וואָלט מען, דאַכט זיך, אַזוי געזעסן און אויסגעהערט זיינע שיינע מעשיות. איז אָבער דער חסרון, וואָס עס עסט זיך צו. קרעפּלעך עסן, זאָגט מען, קאָן אויך נמאס ווערן. וואָס ווייטער איז געוואָרן וויניקער בעלנים אויף רבינו יונהס מעשיות, און רבינו יונה איז געוואָרן אויס מיוחס, און דער שמש, אונדזער אַלטער באַקאַנטער „געצי־גובערנאַטאָר" וואָס האָט שוין לאַנג געקוקט קרום אויפן „סימבירניק", כאָטש ער אַליין האָט אויך נישט פיינט געהאַט הערן זיינע מעשיות, האָט געוואָרפן אויף אים אַן אום־חן און האָט געזאָגט איך מאָל פאַר אַלע מאָל: אַ מקום קודש איז נישט קיין הקדש. וויל אַ ייד שלאָפן, זאָל ער שלאָפן אין דרויסן, זאָל ער גאָרנישט שלאָפן, אַבי נישט ביי אים אין שול...

אַ שווער שטיקל צייט איז איינגעטראָטן פאַר אונדזער „רבינו יונה", אַ בי־טערע צייט. וואָלט ער געווען אַ ייד, וואָס קען לערנען, אָדער וואָלט ער כאָטש געווען אַ קראַנקער, אַ בעל־מום, אַ קאַליקע, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ווי, אַשטייגער, „זיסל דער יורד", וואָלט זיך שוין געפונען אַ ייד, ווי, למשל, „רב רפאל בעל־משגיח", וואָס וואָלט זיך פאַר אים געזאָרגט, ווי ער זאָרגט פאַר אַנדערע אָרעמע לייט. איז ער אָבער, אויף צו־להכעיס, גלאַט און געזונט און שטאַרק, נישט ווי אַ

גוי, נאר ווי צען גוים, און גיין בעטלען קאן ער נישט, כאטש האקט אים אפ דעם קאפ!

ליגנדיק אין דרויסן בײם בית-מדרש מיט א קולאק צוקאפנס, האט אונדזער „רבינו יונה", וואס האט זיך נישט אויף קאטאוועס פארבענקט נאך „יענער ווייטער מדינה", ווי א קליין קינד נאך א מאמע, נישט איין מאל געזען אין חלום, דאס ברייטע, דאס פרייע, דאס קאלטע לאנד פון טאיגעס און שנייען, און ער האט זיך פארשאלטן דאס געביין — „וועלכער רוח האט אים געבראכט צו טראגן אהער, אויף זיין „ראדינא", אין אזא העק, א לאך, וווּ ייִדן ליגן איינס אויף דאס אנדערע, ווי די הערינג אין א פעסל, אויף דערשטיקט צו ווערן?!"...

דער גוטער רבונו-של-עולם אבער פארלאזט נישט קיינעם. געקומען א צייט אויך אויפן ארעמען עלנטן „רבינו יונה". אים האט געטראפן א גליק, וואס נישט ער, נישט קיינער האט זיך דערויף געריכט: רב אהרן, דער אלטער בעדער, זאל האבן א ליכטיקן גן-עדן (געווען אן ערלעכער ייִד), איז אוועקגעגאנגען, און ס'איז געבליבן אין שטאט א פרייע וואקאנט אויף א בעדער. דארף מען דען האבן נאך א בעסערן פארטרעטער, ווי „רבינו יונה?" ס'איז געווען טאקע נאר מן השמים.

— לע רוא ע מאר — וויוו לע רוא! — אזוי זאגט דער פראנצויז. דער טייטש איז: דער קעניג איז געשטארבן — לעבן זאל דער קעניג. איין מלך אראפ, דער אנדערער ארויף — אט אזוי פירט זיך עס אויף גאטס וועלטל.

ווי ווייט הויך „רבינו יונה" האלט די פאן פון בעדעריי — דאס האבן מיר געזען אינעם אנהייב פון דער דאזיקער דערציילונג פון זיין זינגען און פון זיין רופן דעם עולם „או באניו — אין באד אריין". נישט דאס איז אבער בײ אונדז דער עיקר. די הויפטזאך איז, וואס אט דער „רבינו יונה" איז איינער פון די סאמע פריילעכע און די סאמע טיכטיקע אין אונדזער באריטמטער „חברה הוליאקעס". ווער עס האט נישט אנגעקוקט, ווי אזוי „רבינו יונה" הוליעט שמחת-תורה, דער האט קיין שיינס נישט געזען. א ייִד, וואס איז אליין געווען א „פארשיקטער אויף סימ-ביר", אליין געארבעט „סאטשקע", געטאן כל עבודות-פרך, אויסגעוווּן זיין צייט און געקומען בשלום צוריק „נא ראדינו", אין זיין שטאט אריין, צווישן זיינע ייִדן, זאל ער נישט זיין פריילעך? זאל ער נישט ארומכאפן אלעמען קושן זיך, האליובען זיך — „עך בראטיקי ראדימיע (ברודערלעך אייגענע), גיסט מיר אן נאך א גלעזל וויין!"

א ייִד, וואס איז אויסגעשטאנען אזוי פיל אין זיין לעבן, וואס איז שוין גע-ווען, ווי יונה זאגט אויף זיך „נא קאניע און פיד קאניאם" (אויפן פערד און אונ-טערן פערד), זאל ער נישט אויסרעדן אלעמען דאס הארץ בײ אזא שלעכטער צייט, זיך אויסלאכן פון אלע היינטיקע צרות, יסורים און גלות?

— עך, בראטצי! — טענהט זיך אויס „רבינו יונה" אויף זיין געמישטער שפראך. — צרות — ניע ביעדא! גזירות — פוסטיאקי! גלות — נאפליעוואט! ייִדן זיינען מיר געווען — און ייִדן וועלן מיר בלייבן... א פאטאמו — לחיים, און דא-וואיטיע לכבוד שמחת-תורה א פריילעכס!

**אמת, „רבינו יונה" איז נישט מער טאַקע ווי אַ בעדער, און נאָך אַ „סימביר־ניק" דערצו. אָבער אַ ייִד איז ער דאָך! אַ ייִד גלייך מיט אַלע ייִדן, טשאָרט פּאַ־בערי! איז דען זייער יום־טוב נישט זיין יום־טוב? איז דען זייער שמחה נישט זיין שמחה? איז דען זייער תורה נישט זיין תורה?**

ראַדויסיאַ, יזראַעל,
סעוואָדניאַ שמחת־תורה!

אַזוי זינגט „רבינו יונה" דער בעדער אויף זיין העכסטער אָקטאַווע, מיטן קנאַק און מיטן קוויטש, אויפן עכט פּאַניעשן שטייגער, און אַנו — לאָז עמעצער פון דער חברה הוליאַקעס אָדער פונעם איבעריקן עולם נישט ווען מיטטאַנצן מיט אים אָט מיט דעם פּאַנישן שמחת־תורהדיקן ניגון! נייך, ווער וועט זיך דען איינשטעלן אַזעלכעס צו טון? סיידן דער, וואָס וויל פּאַרזוכן „רבינו יונהס" האַריקע האַנט, וואָס וועט אים אַ נעם טון מיט גוואַלד, ער זאָל גיין אין קאָן אַריין. שוין גלייכער מיט גוטן. און אַלע גייען מיט אים דעם דאָזיקן פריילעכן רוסישן טאַנץ. אַלע זינגען, אַלע פּליעסקען, אַלע טאַנצן, אַלע זיינען זיך משמח [illegible]ן יום־טוב. און מער פון אַלעמען און העכער פון אַלעמען הערט זיך „רבינו יונהס" קול, האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף ייִדיש:

ראַדויסיאַ יזראַעל,
(פריי זיך ישראליק,)
סעוואָדניאַ שמחת־תורה;
(היינט איז שמחת־תורה;)
דאַזשע איוו סיבירי —
(אפילו אין סיביר —)
פאַר וועמען האָב איך מורא?

און עס גיסט זיך בראָנפן, אַזוי ווי וואַסער, און ייִדן טרינקען, ייִדן שיכורן, ייִדן הוליען אָן אַן עק.

# א י נ ה אַ ל ט


שלום עליכם — יעקב פיכמאַן — — — — — — — — — — — — — — 3
פונעם יאַריד — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 9
טביה דער מילכיקער — — — — — — — — — — — — — — — 26
מיליאָנען — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 40
דער פאַרכישופטער שניידער — — — — — — — — — — — — — 51
„אליהו הנביא" — — — — — — — — — — — — — — — — — 67
ווען איך בין ראָטשילד — — — — — — — — — — — — — — 70
כתרילעווקער פראָגרעס — — — — — — — — — — — — — — 73
מיט די עמיגראַנטן — — — — — — — — — — — — — — — 84
שווער צו זיין אַ ייִד — — — — — — — — — — — — — — — 94
בלאָנדזשענדע שטערן — — — — — — — — — — — — — — — 100
מען איז זיך מוחל — — — — — — — — — — — — — — — — 109
מען הוליעט — — — — — — — — — — — — — — — — — — 115

